מ. בירנבוים.     ד. האסעל.

# קינדערפריינד

כרעסטאמאטיע

פאר'ן 2-טען שוליאר.

אילוסטרירט.





פערלאג
"פאלקסשול".

ווארשע.

ד. קאסעל.

# קינדערפריינד

= כרעסטאמאטיע =

פאר'ן 2-טען שוליאָר.

ילוסטרירט.

ווארשע.

פערלאג
„אלהסשיר".

# אינהאלט.

## 1.

## ן שולע.

זיבען יאָר איז מיר געוואָרן
און די מאמע, זאָל געזונט זיין,
האָט געזאָגט: „נו, צייט אין שולע,
צייט אין שולע געהן, מיין קינד.

אויס. א סוף, געגוג געהוליעט
אויף דער וועלט, ארומגעפלויגען
פריי און גליקליך, ווי א פויגעל,
פריש און פרעהליך, ווי דער ווינט".

און אוועק בין איך אין שולע.
ס'איז געוועזן א וואונדערשענער,
פרישער, ליכטיגער פרימאָרגען,
שען און ליכטיג, ריין און פריש —

האָבען שטראַלען זיך געגאָסען
דורך די הויכע ברייטע פענסטער,
און געלויכטען אויפ'ן לערער,
אויפ'ן בוך און אויפ'ן טיש.

און געוויזען האָט דער לערער
באלד אין אָנהויב מיר די אותיות:
„דאָס איז אַלֶף, זאָלסט געדענקען,
דאָס איז הֵא און דאָס איז תָו".

און בײַ יעדען אות, פאר יעדען
ענטפער, פאלען מיר פון אויבען:
לעקעך, ראָזינקעס, קאָנפעקטען,
ניס און מאנדלען אָהן א סוף.



2.

דאָס יונגעלע מיט'ן שטערענדל.

בערעלע האָט נישט געהאַט קיין טאַטען און מאַמען, קיין בעטעלע נישט, קיין שען אָנצוגעל נישט, קיין שפּיל־צײַג נישט און אַפִילוּ קיין ברויט צום עסען נישט.

א שטיל, עלענד יונגעלע.

איינמאָל פארנאכט איז ער, א הונגעריגער, אוועק אין פעלד און אנידערגעזעצט זיך אין גראָז. א שוואַרצער וואָלקען האָט פערדעקט די לבָנָה, הינטער א געדיכטער שווארצקײַט האָבען זיך פערקויקעלט די שטערען. אין גראָז האָבען זיך טונקעלע שאָטענס גערוקט, און פאמעלעך

און זאכט איז געגאנגען די נאכט. פון ווייטען האָט בייז און הארט געהאווקעט א הונט.

בערעלען האָט א צאפּעל געטאָן דאָס הערצעל און ער האָט זיך געוואָלט צעוויינען.

— קינד מיינס, וויין נישט! — האָט בערעלע פּלוצלונג דערהערט א קול.

דער קול האָט זיך ווייך און הארציג געשניטען צו אים אין אויערל אריין דורך דער שטילער אָנגעשרעקטער נאכט־שטילקייט.

בערעלע האָט געזוכט מיט די אויגען אין פעלד און דערזעהן אויפ'ן שווארצען הימעל איין שטערנדל, בע־גאָסען מיט גאָלדענעם שמייכעל. עס האָט פרעהליך גע־טאנצט און געוואונקען פון אויבען.

— איך בין דיין שטערנדל, בערעלע, און איך וועל דיך היטען — האָט עס פון דאָסניי געזאָגט. — יעדער מענש האָט זיין שטערנדל. איך בין דיינס.

בערעלע האָט שוין נישט געפיהלט קיין שרעק און קיין עלענד. גליקליך איז ער איינגעשלאָפען אין גראָז. אים האָט זיך געחלומ'ט, אז ער רייט אויף אלייב און ביי די זייטען שוועבען לאנגע שורות מיט ווייסע מלאָכים'לעך, וואָס שפּי־לען אויף דינע שווארצע פליימען. די גאנצע לופט איז אָנ־געפילט מיט צארטע קלאנגען.

צומאָרגענס האָט בערעלע ווידער געזעהן דאָס שטע־רענדל אויפ'ן הימעל.

— איך בין דיינס... איך בין דיינס — האָט עס שטיל גערעדט פון אויבען — און איך וועל דיך היטען.

פראגען: וואו איז בערעלע געזעסען?
וואָס האָט אים דאָס שטערענדל געזאָגט?



3.

די זון און די פרינצעסין.

I.

איז געווען אמאָל א מֶלֶך, וואָס אלע זיינע טעכטער זענען געווען וואונדערליך שען, אָבער די יונגסטע פון זיי איז געווען אזא שענע, אז אַפִילוּ די זון, וואָס האָט אזוי פיל געזעהן, האָט זיך געוואונדערט יעדעס מאָל, ווען זי פלעגט דעם מיידעלע א שיין טאָן אין פָּנִים אריין. נישט ווייט פון דעם מֶלֶכ׳ס שלאָס איז געלעגען א גרויסער געדיכטער וואלד, און אין וואלד, אונטער אנ׳אלטען לינדענבוים, איז געגאנגען א שטיל זילבערן טייכעל. זעהר אָפט פלעגט די קליינע פרינצעסין ארויסגעהן אין וואלד און זיך זעצען אויפ׳ן ברעג פונ׳ם זילבערנעם טייכעל. אז עס פלעגט איר אומעטיג ווערען, פלעגט זי נעהמען איר גאָלדען קייקעלע, ווארפען עס אין דער הויך און צוריק כאפען. דאָס קייקעלע פלעגט זי פרעהליכער מאכען.

פראגען: וואו פלעגט די פרינצעסין ליב האָבען צו זיצען?
מיט וואָס פלעגט זי זיך שפּילען?

II.

האָט איינמאָל געטראָפען, אז דאָס גאָלדענע קייקעלע איז געפאלען צוריק נישט צו איר אין די הענט, נאָר פאָרביי, אָבגעשפרונגען פון דער ערד און זיך פערקוויקעלט גלייך אין וואסער אריין. די פרינצעסין האָט נאָכגעקוקט דעם קייקעלע. אָבער יענס איז באלד פערשוואונדען געוואָרען. די פרינצעסין האָט זיך שיער נישט צעוויינט. עס האָט איר באנג געטאָן דאָס קייקעלע.

— וויין נישט, קינד — האָט איר א שמייכעל געטאָן די זון פון הימעל — אָט וועסטו האָבען דאָס קייקעלע.

און די זון האָט אויפגעוויקעלט א שטראַל, ווי א קייקעלע און געוואָרפען איר אין האנט אריין.

פון דעמאָלט אָן איז די פרינצעסין שטענדיג געגאנגען מיט א ווארימען שטראַל אין דער האנט.

פראגען: וואָס האָט דער פרינצעסין געטראָפען?
וואָס האָט די זון איר געשענקט?



4.

**רעגענדל.**

רעגענדלס פאָטער איז געווען וואָלקען, זיין ווידע און באָבע — שלאקסרעגען און זאווערוכע. ווינט איז

אים געווען אַ פּעטער און שטורמווינט — אַ שוועסטער־קינד.

איין קינד איז דער מִשְׁפָּחָה, איז רעגענדל געווען זעהר צולאָזען, און, ווי עס טרעפט אָפט, האָט ער נישט אַלע־מאָל געפאָלגט, וואָס עלטערע האָבען געזאָגט.

אויף דער צווייטער זייט הימעל האָט געוואוינט די אַלליבסטע מַלְכָּה — זון מיט אירע צוועלף קינדער: גאָלדשטראַל, זונפונק, זונבליק, זונגלעט, זונשמייכעל און אַנדערע.

טרעפט זיך איינמאל, אין אַ שענעם טאָג נאָך פֶּסַח, האָט זיך גאָלדשטראַל מיט די ברידער און שוועסטער אראָבגעלאָזט פון שיינענדיגען פּאַלאַץ אָבריכטען אויף דער ערד דעם יום־טוב פון פרילינג. קינדער, דערוואַקסענע, פויגלעך און אַלע לעבעדיגע נפשות אויף דער ערד האָבען זיך אין דעם טאָג זעהר געפרעהט.

זונס קינדער האָבען געטאַנצט אויף דער ערד, גע־גליטשט זיך צווישען יונגע גרעזעלעך, געפלאָכטען ליכטי־גע פּאַסיקלעך אויף די בוימער און געיאָגט זיך איינע נאָך די אַנדערע אין די פעלדער, וועגען און שטעגען.

און וואו נאר זונס קינדער האָבען דערגרייכט, איז אַלץ תֵּיכֶּף פערענדערט געוואָרען. די ערשטע בלימעלעך האָבען אויסגעזעהן, ווי געוועבטע פון גאָלד, די יונגע תבואות האָבען זיך, גרין־סאַמעטענע, געצויגען אַרויף; די לופט האָט געקלונגען פון פרעהליכע לידער און פייגעלגעזאַנג.

ציגעלעך האבען געטאנצט און געשטיפט אויף דער פאשע. פאסטוכער האָבען געשפּילט אויף פייפעלעך.

רעגענדל איז געשטאנען אין דערהיים נעבען פענסטער און צוגעקוקט פון אויבען דעם יום־טוב אויף דער ערד.



— איך וויל אויך אהין! — האָט רעגענדל אָנגעהויבען שרייען.

— ניין, מיין קינד! — האָט דער פאָטער וואָלקען גע־

געזאָגט—עס איז נאָך נישט צייַט. ווענסטו איצט קומען, וועט מען דיך שלעכט אויפנעמען. יעדער מוז קומען צו דער צייַט, וואָס פאר אים איז בעשטימט.

— אָבער איך וויל צו זיי! — האָט זיך רעגענדל איינגעשפּארט. — פארוואָס זאָל איך זיצען פערשפּארט, בשעת דאָרטען איז אזוי פרעהליך! איך וויל צו זיי!

און בשעת דער פאָטער וואָלקען האט זיך אָבגעקערט, איז רעגענדל אנטלאָפען, האסטיג אראָבגעלאָזט זיך אויף דער ערד און אָנגעהויבען ניסען און קלאפּען אין די דעכער און שויבען.

אָבער ווי נאָר דער פרעהליכער עולם האָט דערזעהן רעגענדלען, אזוי זענען אלע ברוגז געוואָרען און אנטלאָפען אין שטוב אריין.

אין איין רגע זענען דער וונס אלע קינדער פונאנדערגעלאָפען. די ערד, וואָס איז מיט איין מינוט פריער געוועזן אליכטיגע און אלאבענדיגע, איז מיט אמאָל טריב און אומעטיג געווארען.

און רעגענדל איז געבליבען אליין אויף דער ערד.

פראגען פון וועמען שטאמט רעגענדל?
ווי האָבּ געהייסען זייַן פאָטער, זיידע און באָבע?
וואָס איז געוואָרען אויף דער ערד, ווען רעגענדל איז געקומען?



## 5.
## פרילינג.

מעהר נישט קיין שנייעלע,
פרעכטעלע, קעלט—
שטילינקע ווינטעלעך
רוישען אין פעלד;
וועקען די גרעזעלעך,
גלעטען די בלום,
סוד'ען אין בוימעלעך,—
שטיפען ארום!

פי-פי-פי! פויגעלע—
פריי איז דיין פעלד!
קווא-קווא-קווא! ענטעלע—
ס'טייכעלע קוועלט!
זום-זום-זום! בינעלע—
ס'בלימעלע בליהט!
מע-מע-מע! שעפעלע—
ס'פאסטוכעל היט.



6.

## דוימעלע.

1.

רָחֶלֶ'ע איז איינמאָל געגאנגען שפאצירען אין וואלד. נעבען א בוים איז געזעסען א קראנקער, אלטער מאן. רָחֶלֶ'ע האָט אים צוגעטראָגען איר שטיקעל חַלָה מיט מילך און זאָגט אים:

— אלטיטשקער, עס און טרינק און זאָל דיר וואויל בעקומען.

דער אלטיטשקער האָט איר בעדאנקט און געגעבען איר א קערנדל.

— פערזייק דאָס קערנדל אין א וואזאָנע—האָט ער געזאָגט,—וועסטו שוין זעהן, וואָס עס וועט זיין. אָבער געדענק, טאָכטערשע, לאָז עס קיינמאָל אליין נישט איבער.

רָחֶלֶ'ע איז אוועק אהיים און פערזעצט דאָס קערנדל. אין עטליכע מינוט ארום איז פון דעם אויסגעוואַקסען א צארט פיין בלימעלע.

סאר א פיין בלימעלע!—האָט רָחֶלֶ'ע געזאָגט און אָנגעהויבען קושען די יונגע בלעטעלעך. אָבער אין דער איינענער רֶגַע האָט דאָס בלימעל געפלאצט און אינווענינג. אויף א גרינעם שטויבפאָדעם, איז געזעסען א קליין מיידעלע מיט שטילע אויגעלעך. געווען איז זי נישט העכער פון א האלבען דוים, און דעריבער טאקע האָט זי רָחֶלֶ'ע א נאָמען געגעבען דוימעלע.

פראגען: וואָס האָט דער אלטיטשקער געשענקט רָחֶלֶ'ען? ווי גרויס איז געווען דאָס בלום-מיידעלע?

## II.

רָחֶלֶ'ע האָט איר געמאכט א פיין בעטעלע אין א ווייס לעשען נוס, א מאט־אך — פון בלויע פיילכענבלעטעלעך. א קאָלדרע פון א רוזיענבלאט. בייטאָג פלעגט דוימעלע זיך שפילען אויפ'ן טיש אין א טעלער, ארומגערינגעלט מיט בלומען. אויף איין בלימעל פלעגט דוימעלע זיצען אָדער ארומפאָרען איבער'ן טעלער, און דערביי אזוי שען זינגען, אז פון ווייטע וועלדער פלעגען קומען פויגעלעך, ארומשטעלען זיך ביים פענסטער און הערען, און זיי האָט זיך געדאכט, אז דאס זינגט ווייערע א שוועסטער.

איינמאָל ביינאכט, ווען דוימעלע האָט געשלאָפען אין איר שען בעטעלע, איז רָחֶלֶ'ע אוועקגעגאנגען מיט איר מאמען שפאצירען. זי האָט פערגעסען, וואָס דער אלטיטשקער האָט איר אָנגעזאָגט. דעמאָלט איז אריין דורכ'ן אָפענעם פענסטער א לייכט פויגעלע, א כאפּ געטאָן דוימעלע'ן אויף די פליגעלעך און אוועקגעלאָפען מיט איר אין טיפען וואלד אריין. דוימעלע איז געבליעבן ביים פויגעלע און רָחֶלֶ'ע האָט זי שוין מער קיינמאָל נישט געזעהן: זי האָט גאָר פערגעסען, וואָס דער אלטיטשקער האָט איר אָנגעזאָגט.

פראגען: וואָס האָט רָחֶלֶ'ע פערגעסען?
וואָס איז געוואָרען מיט דוימעלע'ן?



7.

ליכט און טויען פאַר די בלומען.

ליכט און טויען פאַר די בלומען,
פאַר'ן פויגעל — לופט און ווינט;
ס'האָט דער יַם מיליאָנען פּאַליעס, —
טויזענד וועגען האָט א קינד.

ס'שפּילט דער יַם מיט הימעלפאַרבען
און עס טאַנצען אינד מיט אינד;
פּעריל הענגען אויף די בלומען —
נאָר געבענשט זאָל זיַין דאָס קינד!

פעלדער גאָלד און פעלדער סאַמעט,
גאָלד מיט סאַמעט איז געשפּינט;
פויגעל זינגען אין די וועלדער —
נאָר דו האָרך, ווי ס'לאַכט א קינד!..

8.

דער האָן, דער קאָטער און דער פוקס.

אַן'אַלטער שטילער יוד האָט געהאַט אַ האָן מיט
אַ קאָטער. זאָגט איינמאָל דער קאָטער צום האָן:
— לאָמיר אוועקגעהן אין וואַלד. דאָרט איז בעסער.

— גוט! זאגט דער האָן.

ווענען זיי שטילערהייט אוועק אין וואלד.

אין וואלד האָבען זיי געפונען א שטיבעלע און זיך דאָרטען בעזעצט. גוט און פרעהליך איז זיי געווען אין



שטיבעלע. אינדערפרי פלעגט דער קאָטער אוועק אין וואלד כאפען פויגלעך און דער האָן פלעגט הייצען אין אויווען צום מיטאָג.

געהט איינמאָל א פיקסעל פארביי שטוב און דער־שמעקט דעם האָן. זעצט זיך דאָס פיקסעל אויף די הינ־טערשטע פיסלעך און הויבט־אָן זינגען:

הענדעלע, הענדעלע
קעמעלע בלוט!
קום זיצען מיט מיר,
דאַ אין וועלדעל איז גוט!

העגדעלע, העגדעלע!
שנעל קום ארויס,
איך וועל דיך פערוויגען
ביי מיר אינ׳ם שויס.

וואונדערט זיך דער האָן: ווער זינגט עס אזוי שען? עפענט ער דאָס פענסטער און קוקט ארויס, און דער פוקס — — — כאַפּ! כאַפּ!
האָט זיך דער האָן זעהר דערשראָקען און זיך אָנגע-הויבען צאפּלען און וויינען אויפ׳ן קול:

אוי, וועה! א פוקס האָט מיך געכאפּט
און טראָגט מיך דורך וועלדער דורך שווארצע,
דורך יַמים דורך בלויע,
דורך בערג דורך גערדרעהטע!
קאָטערל, ראטעווע,
איך בין פארביי!

פראגען: וואוהין איז אוועק דער קאָטער מיט׳ן האָן?
וואָס האָט געזונגען דער פיקס אונטער׳ן פענסטער?
וואָס האָט דער פוקס געטאָן?

---

II.

האָט דער קאָטער דערהערט די געשרייען און איז העגדום-פּענדום געלאָפען ראטעווען דעם האָן. דער פוקס האָט זיך דערשראָקען, ארויסגעלאָזט פון מויל דעם האָן און אנטלאָפען. איז געקומען דער האָן מיט׳ן קאָטער

אין שטיבעל אריין. דער האָן האָט פערוואָרפען דאָס קעפּל, ווי א נע׳הָלָש׳טער.

אויף מאָרגען איז דער קאָטער פון דאָסגיי אוועק אין וואלד כאפען פויגלעך צום מיטאָג.

— הער־זשע, הענדעל, — האָט גזאָגט דער קאָטער פאר׳ן אוועקגעהן, — וועט קומען דער פוקס, זאָלסטו נישט עפּע־נען דאָס פענסטער, זאָלסט נישט ארויסקוקען — אניט ביזטו א פערפאלענער. געדענק, וואָס איך זאָג דיר אָן!



— רעכט, — זאָגט דער האָן — איך וועל דיר פאָלגען!

אוועק דער קאָטער, האָט זיך באלד אונטערגע׳גנב׳עט אונטער׳ן פענסטער דער פוקס און גענומען זינגען:

הענדעלע, הענדעלע.
גאָלדענער קאם!
גערשטען האָב איך.
האָבער האָב איך,

כ'וועל דיר גערשטען, האָבער געבען,
וועסטו זאט און פרעהליך לעבען.
קום ארויס, קום ארויס,
כ'שיט פאר דיר דאָ גערשטען אויס.

ווילט זיך דעם האָן פערזוכען די גערשטען, אָבער ער שטארקט זיך און טראכט: איך וועל נישט געהן. מעגסט מיך רופען פון היינט ביז מאָרגען. איך קאן דיך, פיקסעלע. און דער פוקס זינגט נאָר און זינגט:

הענדעל-ליב און הענדעל-הארץ!
איך וועל דיר געבען קאָרן—גאָלד,
גרויפען, פונקט ווי שניי צומאָלט,
און א וואסערל א פריש.
וועסט דערזעהן ביי מיר א טיש
אויסגעשטעלט כיד המלך,
ס'וועט אונזביידען זיין דאָ פרעהליך.
קוק א ווײַלע נאָר ארויס.
קוק ארויס נאָר, קוק ארויס.

—איך וועל נישט ארויסקוקען, נעכטיגע טעג! — האָט זיך געשטארקט דער האָן—אָבער דער פוקס זינגט ווייטער:

הענדעלע, קום!
כ'וועל דיך פירען אין קארעטען,
און מיט זייד דיין קעפל גלעטען
און דיר געבען פערגעניגען
און אין שוים ביי מיר פערוויגען.

טראכט שוין דער האָן: לאָמיר נאָר איינקיק טאָן, אויף א רֶגַע א קוק טאָן, וואָס האָט ער דאָרט פאר א קארעטען. שטעלט ער זיך אויף און רוקט עטוואָס ארויס דעם קאָפּ. און — — — כאַפּ! כאַפּ! כאַפּ! פערפאלען! ער איז שוין בייַם פיקסעל אין מויל.

פּראגען: וואָס האָט צוגעזאָגט דער פוקס דעם האָן?
וואָס האָט געטאָן דער האָן?

---

## III.

שטארק האָט געשריען דאָס הענדעל, אומזיסט גערו- פען דעם קאָטער — דער פוקס האָט אים אוועקגעטראָגען הינטער א בוים און אויפגעגעסען. געבליבען זענען נאָר די פעדערלעך און די ביינדעלעך און דאָס שנעבעלע זייַנס.

קומט דער קאָטער אהיים, זעהט ער דאָס שטיבעל איז לעדיג, דאָס פענסטער איז אָפען און דאָס הענדעל איז נישטאָ. האָט ער פערשטאנען, אז דער פוקס האָט אים שוין מסתּמא ארויסגענארט פון שטוב. איז ער אוועקגעלאָ- פען זוכען דעם האָן, האָט ער אים געזוכט און נעזוכט און— געפונען פעדערלעך און ביינדעלעך און שנעבעלע. האָט זיך דער קאָטער אנידערגעזעצט אויף זייַנע הינטערשטע פיסלעך און זיך ביטער פונאנדערגעוויינט.

איז אומעטיג געוואָרען דער קאָטער און אליין אין שטי- בעל נישט געקאָנט זייַן, איז ער איינמאָל פארנאכט אוועק

צוריק צו דעם אלטען, וואו ער האָט פריער געוואוינט מיט'ן ליבען, נאָר נארישען האָן.



דער אלטער האָט זיך זעהר דערפרעהט און האָט איהם תיכף מכבד געווען מיט א טעלערל מילך.

פראגען: וואָס איז געוואָרען מיט'ן האָן?
וואָס האָט געטאָן דער קאָטער?



9.

דאָס מיידעלע און די זון.

דאָס מיידעלע: וואָס האָסטו געטאָן,
דו ליכטיגע זון,
דעם גאָלדענעם טאָג?
אָ, זונעלע, זאָג!

די זון: איך מאך פון בעגינען:
דאָס גרעזעלע—גרינען,
דאָס בלימעלע—בליהען,
דאָס פויגעלע—פליהען,
דאָס פרעשעלע—שפרינגען
דאָס שוועלבעלע—זינגען,
דאָס פישעלע—שטיפען
אין וואסער אין טיפען
דאָס גרילכעלע—גרילען,
דאָס מיידעלע—שפילען,
דאָס יונגעלע—שאלען
אין זוניגע שטראלען.



## 10.

## מירעלע.

די מאמע האָט נישט געהייסען מירעלען שפּילען זיך אין זאל מיט דער פּילקע, אָבער מירעלע האָט נישט גע־פאָלגט און געוואָרפען די פּילקע צום באלקען. און פּלוצלונג: טראך! די פּילקע האָט אראָבגעוואָרפען פון פּאָליצע א שען ווייס קריגעלע, וואָס איז צופלויגען, צוברא־כען געוואָרען אויף דראָבנע שטיקלעך. אין צווייטען צימער האָט די מאמע דערהערט דעם קלאפּ, איז זי אריינגעגאנגען און דערזעהן דיָס צובראָכענע קריגעלע.




מירעלע האָט זיך פערשעמט און געזאָגט:

— מאמעשי, ס'קעצעל האָט צובראָכען דאָס קריגעלע.

די מוטער האָט א קוק געטאָן אויף מירעלען און געשוויגען, דערנאָך א־וף געטאָן די דינסט און געזאָגט:

— לֵאָה, כאַפּ די קאַץ און ווארף זי ארויס. זי טוט מיר אָן שאָדען. איך וויל זי מעהר נישט האָבען אין שטוב.

מירעלע האָט אָנגעהויבען וויינען.

— מאמעשי... — האָט זי געזאָגט דורך טרערען — נישט דאָס קעצעלע האָט עס געטאָן, נאָר איך...

די מוטער האָט ערנסט א קוק געטאָן אויף מירעלען.

— למַאי — האָט זי שטיל און דײַטליך געפרעגט דער טאָכטער — האָסטו ארופגעוואָרפען די שולד אויף א שטום בעשעפעניש, וואָס קאָן זיך נישט פערענטפערן? מיינסט, איך ושאלעווע דאָס קרינגעלע? אָבער למַאי האָסטו אויף א שטום בעשעפעניש ארויפגעוואָרפען די שולד? געה אין דײַן צימער. איך וויל דיך נישט זעהן א גאנצען טאָג...

איז מירעלע געוואָרען זעהר אומעטיג, געהט זי פאמעליך צו זיך אין צימער און עס פערדריסט איר זעהר, וואָס זי האָט פריער גענארט דער גוטער, ליבער מאמען.

אין צימער איז געווען דאָס קעצעל. א ווײַס־סאמעטענע, מיט תּמ'עוואטע גלעזערנע אויגעלעך, א פרעהליכע, האָט דאָס קעצעל גאָרנישט געוואוסט, וואָס דאָ איז פּאָ־געקומען. נאָר מירעלע האָט זי געכאפּט, אוועק דערמיט צו דער מוטער און, איבערשטײַגענדיג אין זיך די פערשעמטקייט, האָט זי געזאָגט:

-- מאמעשי, מעהר וועט שוין אזוינס נישט פאָרקומען. וועסט מיר מוחל זיין?

— יאָ! — האָט די מוטער געענטפערט מיט א גוטען שמייכעל.



## 11.

### פרילינגגלעקלעך.

פרילינג, פרילינג...
בלוי און גרין...
אין דעם רויזקוסט
שפילט א בין.

אויף א גרעזעל,
פלינק און גרינג,
טאנצט און גלאנצט
דער שמעטערלינג.

פרילינג, פרילינג!
גרין און בלוי...
אויף דער ליליע
שפילט דער טוי.

„ווער וועט טרינקען?
ענטפערט גיך?"
— טרינקען וועט דער
שטראל און איך!

פרילינג, פרילינג!
ווייס און ראָז!
רוהיג, ווינטעל,
שטילער בלאָז!

רעגענשטורם,
ווארט נאָך, ווארט!
ס'איז די בליהונג
יונג און צארט!

פרילינג, פרילינג!
יונגעל, זעהסט?
אויף דעם שפיץ פון
בוים א נעסט,

ס'וואוינט דער קו-קו
דאָרט — ער מאכט!

„קו-קו — — — קו-קו" — — —
טאָג און נאכט.

„קו-קו — — — — קו-(ו-ו-ו — — —
טשיר-טשיר-טשיררר!"
ווייסט? דאָס מיינט:
„גוט-מאָרגען דיר."

„טווי — — טווי — — טוואו-ו-ו" — —
ענטפער נאָר!
דאָס וועט הייסען:
„א גוט-יאָר."

„קו-קו — — — קו-קו-ו — — —
טשיר — טווי — טוואו" — — —
און די גריל — זי
פייקעלט-צו:

אויף א בלימעל,
פלינק און גרינג.
טאנצט און גלאנצט
דער שמעטערלינג.



## 12.

## די מוטער און דער לייב.

א לייב האָט זיך ארויסגעריסען פון זיין אייזערנעם שטײג און אװעקגעלאָזט זיך אין שטאָט ארײן. אויף די מענשען פון גאס איז געפאלען א שרעק, און װער עס האָט געקאָנט, האָט זיך שנעל בעהאלטען פון דערזאָיגער מוראָ'דיגער היה.



און גראָד אין דער מינוט, בשעת דער לייב האָט זיך בייז צוברומט און זיך האסטיג אװארף געטאָן נאָך די אנטלאָפענע מענשען, איז אָנגעגאנגען א יונגע מאמע מיט א קליין קינד אויף די הענט. דער לייב האָט װילד א שפרונג געטאָן און ארײנגעכאפט דאָס קינד אין די צײן.

נאָר אין דער אײגענער רגע האָט ער דערזעהן די

איגען פון דער יונגער מוטער: גרויס זענען זיי געווען און מיט מוט האָבען זיי געברענט און הייסע גלוטיגע שטראלען זענען געפאלען פון זיי אויפ'ן רוקען פון לייב. דער לייב האָט דערפיהלט, אז ער ווערט פערברענט.

ער האָט באלד ארויסגעלאָזט דאָס קינד פון מויל, משוגע אבריל געטאָן און שנעל אנטלאָפען געוואָרען.



13.

דאָס גוטע אייניקעל.

שָרֶה'לע האָט זעהר ליב געהאַט איר באָבען. אז שָרֶה'לע פלעגט קומען פון שולע, פלעגט זי באלד ארייני לויפען צו דער באָבען אין צימער און זאָגען:



— באָבע, גרייט צו א מַעֲשֶׂה'לע. איך וועל נאָר אָבּ־
עסען מיטאָג, קום איך אריין צו דיר.

איינמאָל איז די באָבע קראנק געוואָרען. געקומען אַן־
אלטעטשקער דאָקטאָר, מיט לאנגע ווייסע האָר, א הוסטע־
דיגער, אויסגעהערט, ארומגעקוקט דער קראנקע און
געזאָגט:

— ליגען אין בעט, וועניג ריידען, וואָס מער רוהען.

גאנצע דריי טעג איז די אלטעטשקע רוהיג געלעגען.
אויפ'ן פירטען טאָג איז איר לאנגוויילינג געוואָרען.

— ווייסטו וואָס, שָׂרֶה'לע, דערצעהל מיר דו א מַעֲשֶׂה־
לע — האָט די אלטע געזאָגט — אֶפְשֶׁר וועט מיר פרעהליכער
ווערען.

האָט שָׂרֶה'לע געטראכט־געטראכט און איבערדערצעהלט
דער באָבעס א מַעֲשֶׂה'לע, אָבער אנדערש: פון א שלאָס
איז געוואָרען א טייך, פון א וואלד — א שטאָט און פון א
בער — אַן אָדלער.

די אלטע האָט נישט דערקאָנט אירע מַעֲשֶׂה'לעך און
האָט פרעהליך געלאכט.

— פארוואָס מאכסטו איבער מיינע מַעֲשֶׂה'לעך? — האָט
די אלטע לאכענדיג געפרעגט.

— אזוי... — האָט זיך שָׂרֶה'לע פערטראכט — איך וויל,
אַז אָנשטאָט דעם שלאָס זאָל זיין א טייך און אָנשטאָט
דעם מְכַשֵּׁף — א ניסענבוימעל...

די אלטע האָט זי וואַרים אָנגעקוקט און הארציג געזאָגט:

— דו ביזט א קלוג קינד, א קלוג קינד, א קלוג קינד...

אין עטליכע טעג ארום האָט שוין די באָבעשי ווייטער דערצעהלט שׂרה'לען אירע שענע מַעשׂה'לעך, און שׂרה'לע פלעגט זיי דערנאָך איבערמאכען און איבערשטעלען אין דמיון. א פערטראכט קלוג מיידעלע איז געווען שׂרה'לע.



14.

דער נאכטיגאל.

דער נאכטיגאל, דער ערשטער זינגער צווישען פויגעל, איז א קליין גרוי פויגעלע מיט גרויסע, שווארצע אויגען. אויפ'ן קוק איז ער נישט קיין שענער, קליין און גרוי — א גאָרנישט, דאכט זיך, אָבער זינגען קאָן ער! אך, ווי ער קאָן!

זינגען הויבט דער נאכטיגאל אָן, געוועגליך, סוף אפריל אָדער אָנהויב מאי. די ערשטע צייט זינגט ער ביי נאכט. אָבער ווען ער הויבט זיך אָן בויען א נעסט, הערען זיך שוין זיינע לידער עַל פּי רוֹב בייטאָג. ער זינגט אויך פארטאָג און פארנאכט, ווען די זון געהט אויף און פערגעהט. איבערהויפּט אָבער זינגט ער, בשעת ער בויט דעם נעסט. דאָס געשיהט אקוראט אין דער צייט, ווען עס בליהען די מאיבלומען. אין מיטען יוני ווערט דער נאכטיגאל אנטשווויגען און שוויַיגט שוין ביז דעם צווייטען פרילינג;

זיין נעסט בויט דער נאכטיגאל איינפאך. אויבערליך —

געוועגליכע טרוקענע פאראיאָריגע בלעטער. אינעווייניג — דינע טרוקענע גרעזעלעך. זיינע קינדער שפייזט ער מיט קליינטשקע פליגעלעך און ווערימלעך, נאָר דאָס עסען די גרויסע אויך.

וואוינען האָט ליב דער נאכטיגאל ביי א ברעג פון א טייך, וואו עס וואקסען הושענות און אנדערע נידעריגע ביימעלעך.



צום סוף אויגוסט פליהען די נאכטיגאלען אוועק אין די װאַרימע לענדער. פריער קלויבען זיי זיך צונויף, פליהען איינע צו די אנדערע איבער די ביימעלעך, פונקט ווי זיי וואָלטען געהאט צווישען זיך א ישוב הדעת, און דערנאָך פערלאָזען זיי פלוצלונג דאָס אָרט, וואו זיי וואוינען. אין וועג לאָזען זיי זיך פארנאכט, ווען עס ווערט פינסטער, און

ווי פליהען צו צוויי־דריי משפחות אינאיינעם. ווי פליהען ווייט אין די הייסע לענדער אריין.

נאכטיגאלען האלט מען אין שטייגעלעך, איבערהויפט אזעלכע, וואס זינגען גאר שען. צאלען ליבהאבער גרויסע סומעס פאר זיי. אבער דער נאכטיגאל קאן נישט לעבען אין א שטייגעל. ער האט ליב פרייהייט.

נאר עס איז טויזענטער מאל אנגענעמער צו הערען ראס בעגייסטערטע ליד פונ'ם נאכטיגאל בייינאכט, ערגעץ אין א שטילען גארטען, צי אין א טונקעלען וואלד, צי ערגעץ גאר צווישען הושענות ביי א מהיה'דיגען טייכעל, איידער צו הערען זיינע טרעלען פון אנ'איינגען פערשטיקטען שטייגעל. אין וואלד זינגט ער הויך און ברייט און פריי.

פראגען: ווער איז דער ערשטער זינגער צווישען פויגעל?
ווען זינגט דער נאכטיגאל?
ווי בויט ער זיין נעסט?
וואו האט ער ליב צו וואוינען?
וואו פערברענגען די נאכטיגאלען דעם ווינטער?



15.

דער נאכטיגאל.

דער נאכטיגאל, ער טרילערט
אין פרייען וואלד אליין:
ווער קאן זיין שמחה פיהלען?
ווער קאן זיין פרייד פערשטעהן?

דער נאכטיגאל, ער טרילערט
אין רייַכען פאלאץ שען;
ווער קאן זייַן געהטאג פיהלען?
ווער קאן זייַן צַעַר פערשטעהן?



16.

דאָס גוטע מיידעלע.

I.

אמאָל, גאָר אמאָל, איז געוואָרען אויף דער ערד זעהר א גרויס טריקעניש: אלע וואסערן, אלע יַמִים, אלע טייַכען, אלע ברונימער זענען איינגאנצען אויסגעטריקענט געוואָרען, און מענשען און חַיוֹת זענען אויסגעגאנגען נאָך א טראָפען וואסער.

איז אמאָל, בייַנאכט, ארויסגעגאנגען א מיידעלע מיט א קריגעל זוכען וואסער פאר איר קראנקער מוטער. האָט זי אָבער אין ערגיץ קיין טראָפען וואסער נישט געפונען. שרעקליך מיד איז זי שוין געוועזן, האָט זי זיך געלעגט אויפ'ן פעלד אינ'ם אויסגעטריקענטען גראָז און איז פון מידיג־קייַט אנטשלאפען געוואָרען.

## II.

איז דאָס מיידעלע לאנג געשלאָפען, און אז זי האָט זיך אויפגעכאפט, איז דאָס קריגעל פול געוועזן מיט גוט קלאָר וואסער. האָט דאָס מיידעל זיך זעהר דערפרעהט און באלד געוואָלט זיך אָנטרינקען מיט'ן פרישען וואסער, נאָר זי האָט זיך דערמאָנט, אז די מוטער איז זעהר דורשטיג און איז אהיים געלאָפען מיט'ן קריגעל.

א דורשטיג הינטעל האָט דערשפירט, אז דאָס מיידעל טראָגט וואסער, האָט עס פער'חלש'ט א וויין געטאָן. האָט דאָס מיידעלע אָבגעגאָסען א ביסעלע וואסער אויף דער האנט און געגעבען דעם הינטעל, האָט עס תיכף אויסגעטרונקען און געדאנקט איר מיט די אויגען.

## III.

באלד איז ביים מיידעלע אין האנט געוואָרען א זילבערן קריגעל. האסטיג איז דאָס מיידעלע אריינגעלאָפען אין שטוב און דערלאנגט דער מוטער דעם קרוג מיט וואסער. האָט די מוטער געטרונקען און געבענשט דאָס מיידעלע. און אין דער מינוט איז ווידער פון זילבערנעם קריגעל געוואָרען א גאָלדענס. אָבער דאָס מיידעלע איז שוין אזוי פער'חלש'ט געוועזן פון דורשט, אז זי האָט קוים געקאָנט צוטראָגען דאס קריגעל צום מויל. אָבער פונקט אין דער מינוט עפענט זיך די טיר און עס קומט אריין אנ'אלטער מאן און בעט, מען זאל אים געבען א טרונק. האט דאס

מיידעלע פערשטיקט אין זיך דעם דורשט און דערלאנגט דעם אלטען מאן דאָס קריגעל מיט וואסער. באלד זענען ארויסגעשפרונגען פון קריגעל זיבען גרויסע ברי־ליאנטען און עס האָט ארויסגעשלאָגען א גאנצער שטראָם מיט פריש וואסער, וואס האָט אָנגעטרונקען די פעלדער מיט די וועלדער.

איינער פון דידאָזיגע ברילִיאנטען איז ארויף אויפ'ן הימעל און לײַכט עַד־הַיוֹם, ווי א גרויסער גאָלדענער שטערן.



## 17.

## דער צוג.

— א צוג, א צוג געהט!..

— טאַם־טאַם־טאַם! טאַם־טאַם־טאַם!

א לאָקאָמאָטיוו לויפט.

ויצט אין לאָקאָמאָטיוו א גרויסער קעסעל. און אין קעסעל קאָכט זיך וואסער. דער דאַמף פון וואסער שטופט די שטאַבעס, די שטאַבעס שטופען די רעדער — און אזוי געהט דער לאָקאָמאָטיוו.

— טאַם־טאַם־טאַם! טאַם־טאַם־טאַם! דער לאָקאָמאָטיוו פירט א סַך וואגאָנעס.

אין דעם ערשטען וואגאָן ליגען שטיינקוילען אָדער האָלץ. דער מאשיניסט, פערפעצט און רירעווּדיג, ווארפט

אַלעמאָל אַרײַן אין אויווען קוילען אָדער האָלץ, און ועהט, אַז דאָס וואסער אין קעסעל זאָל זיך גוט קאָכען. און אין די וואגאָנעס זיצען מענשען: טאַטעס, מאַמעס, ניידעס, באָבעס און קינדער.




איין וואגאָן פירט זייער געפעק: זעקלעך און קוישען און קאַסטענס. און אין אַנדערע וואגאָנעס פירט מען מעל און תבואות און פאַפּיר און האָלץ.

אויף נאָפט זענען דאָ ספּעציעלע וואגאָנעס — ציסטערנעס הייסען זיי. פאַראַן אויך א פּאָסטוואגאָן, וואו עס ליגען בריף און צײַטונגען, און זשורנאַלען פאַר גרויסע און זשורנאַלען פאַר קינדער.

— טאַם-טאַם-טאַם! טאַם-טאַם-טאַם!

— פ י י י ו ! — עקבערט דער לאָקאָמאָטיוו די לופט מיט זיין געדרעהטען פייפען און שטעלט זיך צו מיט סאָפּעריי ביים וואָקזאַלהויז. און פון די וואַגאָנעס פאַלען־ארויס, שפּאַרען זיך, איילען זיך, צאַפּלען זיך מענשעלעך, מענשעלעך, מענשעלעך.

פראַגען: וואָס שטופּט די שטאַבעס און וואָס שטופּט די רעדער? וואָס טוט דער מאַשיניסט? וואָס ליגט אין די וואַגאָנעס?



18.

צו דער זון.

ס'נידערט שטיל די זון אין מַעֲרָב:
גוטע נאַכט דיר, ליבע זון.
כ'וועל צום בערגעל מאָרגען קומען,
דיך בעגעגענען מיט בלומען.

רויטע יַמִים שפּילען אויבען:
שלאָף געזונט, מיין ליבע זון.
פאַכסט צו מיר מיט רויטע פליגלען,
שפּילסט אויף מיר מיט פורפורשפּיגלען.

ס'קושט א רויטער יַם דעם הימעל:
גוטע נאַכט דיר, ליבע זון.
האָסט מיך היים און זיס געפּאַנגען
און מיט גאָלד ארומגעהאַנגען.

כ'וועל מיין שוועסטער היינט פערצעהלען:
שוועסטער, איך האָב ליב די זון...
כ'וועל אין האַרץ זי אייביג טראָגען
און וועל קיינעם דאָס נישט זאָגען.

בלאסער ווערט די מַעֲרב־רויטקײַט
שאָטענס פלעכטען זיך אין גראָז.
זון! אָ, קער צוריק בשָלום!
כ׳וועל דיך זעהן בײַנאכט אין חָלום.

19.

שוועסטער און ברידערלעך.

רִבקה׳לע, חַיִמ׳ל און יאַבעלע זענען געווען זעהר גוטע שוועסטער און ברידערלעך.

אין זייער קינדערשען לעבען פלעגט אָפט טרעפען, אז די פלעגען טײלמאָל ברוגז ווערען, אוועקוואַרפען אין מיטען א שפיל, און יעדערער פלעגט אָנהויבען שפּילען בעזונדער. אָבער אז עמיצער פלעגט איינעם פון זיי בעליידיגען אָדער אז איינער איז קראנק געוואָרען, פלעגען די איבעריגע צוויי אלץ טאָן, צו לינדערן דעם בעליידיגטענס אָדער דעם קראנקענס שמערצען.

איינמאָל איז יאַסעלע, דאָס סאמע יונגסטע ברודערל, קראנק געוואָרען.

רִבקה׳לע און חַיִמ׳ל האָבען פון עגמת־נפש נישט געקאָנט שלאָפען בײַנאכט.

— מאמעשי, — האָבען די קינדערלעך געפרעגט, — וואָס זאָלען מיר טאָן, אז יאַסעלע זאָל אינגיכען געזונט ווערען?

די מאמע האָט זיי א גלעט געטאָן פאר׳ן בעקעל און געזאָגט:

— שפּילט זיך רוהיג, שרײַט נישט, לויפט נישט זעהר שטארק איבער די צימערן, וועט יאָסעלע באלד געזונט ווערען.

די קינדער האָבּען געפאָלגט דער מוטער, נישט גע־שריען בײַם שפּילען, נישט געלאָפען איבער די צימערן, נאָר רוהיג און שטיל זיך געשפּילט אין דרויסען.

— חַיִימ׳ל, לאָמיר איבּערלעגען יאָסעלעס צאצקעס — האָט רִבְקֶה׳לע פאָרגעלעגט.—קיינער שפּילט זיך נישט מיט זיי. אַ רַחְמָנוּת אויף זיי. חַיִימ׳ל האָט באלד אײַנגעשטימט און צוגעגעבּען:

— רִבְקֶה׳לע, לאָמיר צו־לעגען עטליכע צאצקעס פון אונזערע צו זײַנע. איך גיבּ אים מײַן רויטע פּילקע, מײַנע נײַע קוישעלעך, וואָס איך האָבּ געמאכט אין שולע.

רִבְקֶה׳לען איז עס געפעלען געוואָרען.

— וועל איך אים אָבּגעבּען מײַן בּלוי פוינעלע, וואָס די לערערין האָט מיר געשענקט, און מײַן העפטעל מיט די בּלומען.

יאָסעלע איז רײַכער געוואָרען אין צאצקעס. און אז ער איז אין עטליכע טעג ארום געזונט געוואָרען און צוגעגאנגען צו זײַנע צאצקעס, איז ער שטארק דערפרעהט געוואָרען.

— ווער האָט דאָס מיר געגעבּען אזעלכע שענע צאצ־קעס? — האָט ער נאָכגעפרעגט מיט אַ שוואכען קול.

— טרעף, טרעף! — האָבּען די קינדער אויסגעשריען און געמאכט אנ׳אָנשטעל, ווי זיי ווייסען נישט.

אַוַדאַי האָט יאָסעלע געטראָפפען און נאָך דער קראנק־הייַט זיך דאָס ערשטע מאָל ווארים צוקושט מיט'ן שוועס־טערל און ברודערל.



**20.**

**לופט.**

— אך, א שען קעסטעלע, גיב עס מיר, דָוִד'ל! — האָט זיך געבעטען דאָס קליינע חַנֶה'לע.

— גוט, איך וועל דיר געבען, אָבער טרעף, וואָס דאָ איז פאראן — האָט געזאָגט דער עלטערער ברודערל, וואָס האָט זיך שוין געלערנט אין א שולע.

— געווים צוקערלעך — האָט געזאָגט חַנֶה'לע.

— ניין, נישט געטראָפפען. אין קעסטעלע איז פאראן עפּיס אזוינס, וואָס אָהן דעם קאָן מען נישט לעבען. אָהן צו־קערלעך קאָן מען דאָך לעבען.

— אהא! — האָט זיך חַנֶה'לע א כאפּ געטאָן — איך ווייס שוין: ברויט!

— ניין — האָט דָוִד'ל געזאָגט א צופרידענער, וואָס ער קאָן דער שוועסטערל דערווייַל עפּעס אויסלערנען — חַנֶה'לע, אויף דער וועלט זענען דאָ מענשען, וואָס עסען גאָר קיינמאָל נישט קיין ברויט. זיי וואוינען אין קאלטע ערטער, וואקסט דאָרטען גאָרנישט.

— וואָס־זשע עסען זיי, אז זיי האבען קיין ברויט נישט? — האָט חַנֶה'לע דערשראָקען געפרעגט.

— ווי עסען — האט זי דוד'ל בערוהיגט — ווי עסען גע־זאלצענע און געטריקענטע פיש, ווי עסען פלייש, ווי טרינקען פישטראָן און ... און אֶפשר אנדערע מאכלים, וואָס איך ווייס נישט. אָבער דאָס ווייס איך געווים, אז קיין ברויט זעהען זיי קיינמאָל אין די אויגען נישט אָן.

— וואָס איז אָבער פאָרט דאָ אין קעסטעלע? פרעגט אלץ חנה'לע א נייגיריגע.

---

II.

און פאמעלעך, לאנגזאם־לאנגזאם עפענט דוד'ל דאָס קעסטעלע. נאָר אינווענינג איז געווען לעדיג.

— אך, א לעדיג קעסטעלע! — האָט חנה'לע אויסגע־שריען א בעליידיגטע.

נאָר דוד'ל האָט זי ווייטער בערוהיגט.

— ניין, אין קעסטעלע ליגט זעהר א גוטע זאך, וואָס אָהן דעם קאָן מען נישט לעבען. אין קעסטעלע ליגט... לופט.

— לופט? לופט זעהט מען דאָך נישט! — האָט חנה'לע אויסגערופען מיט נצחון.

— מען זעהט טאקי נישט, אָבער אין קעסטעלע איז פאָרט דאָ לופט, און לופט איז דאָ אין אלץ און אומעטום. אמת טאקי, מיר זעהען זי נישט, אָבער מיר פיהלען, מיר אָטעמען מיט לופט. — האָט ער ערענסט געזאָגט. דערנאָך האָט

ער ברייט פונאנדערגעעפענט דאס קעסטעלע, און אָנגעהוי־
בען פאַכען דערמיט רעכטס און לינקס איבער חַנֶה'לעס
פֶּנִימ'ל.

עס איז געוואָרען א ווינטעל, און דאָס ווינטעל האָט
אראָבגעוואָרפען חַנֶה'לעס א פּאָר שווארצע לעקעלעך
איבער די אויגען.

— איצט פיהלסטו? — האָט דָוִד'ל ערנסט געפרעגט.

— איך פיהל — האָט זיך חַנֶה'לע מוֹדֶה־געווען און
דורשטיג געקוקט אויף דאָס שענע קעסטעלע.

— נו, טאָ נא דיר דאָס קעסטעלע. איך שענק עס דיר
אוועק, כאָטש דו האָסט נישט געטראָפען — האָט דָוִד'ל
ווארים געשמייכעלט.

פראגען: וואָס איז געווען אין קעסטעלע?
צי פיהלט מען לופט?



21.

דאָס פאפיר און די בלייַפעדער.

א מַעֲשֶׂה'לע—נישט קיין מַעֲשֶׂה'לע.

I.

אויף מאָטעלעס שרייַבטיש איז געלעגען א שטיקעל
ווייַס פאפיר מיט א בלייַפעדער.

— ווייסט, וואָס איך בין געווען אמאָל? — פרעגט פּלוצ־
לונג דאָס שטיקעל פאפיר ביי דער בלייַפעדער?

— פון וואנען זאָל איך וויסען? — האָט זיך געוואונדערט

די בלייפעדער, מיר זעהען זיך צום ערשטען מאל. נאָר איוב דו ווילסט, דערצעל מיר דיין לעבענסגעשיכטע.

— איך וועל דערצעלען. נאָר הער זיך גוט צו. איצט, ועהסטו, בין איך אזוי ווייס און ריין, אָבער פריער, אמאָל, בין איך געוועז א שמאטקעלע, א צוריסען שמאטקע־לע פון וועש און געלעגען אין מיסט. איז געקומען אנ׳ אלטעטשקע, א זקנה, וואָס קלויבט שמאטעס, האָט זי מיך אריינגעלעגט אין איר פעקעל און אוועקגעטראָגען מיך אין פאפירפאבריק.

א גאנצען בארג שמאטעס האָב איך דאָרט דערזעהן אויפ׳ן הויף. מיר זענען אלע געלעגען און זיך איבערגעקוקט. פלוצלונג איז מען געקומען און מען האָט אונז אָנגעהויבען וואשען און רייניגען און פוצען און דערנאָך געריסען אויף גאָר קלייניטשקע שטיקעלעך. און דערנאָך האָט מען אונז געקאָכט, געריבען, געווייסט, געמאטערט ביז צום שווייס, און מיר זענען געוואָרען א מין טייג. דעמאָלט האָט אונז א מאשין פונאנדערגעגאָסען אין פאָרמען, און אז מיר זענען געוואָרען טרוקען און זיך ארומגעקוקט, האָבען מיר דער־זעהן, אז מיר זענען ווייס און אז מיר זענען פאפיר.

דאָס איז מיין געשיכטע. איך האָב אויך געזעהן, ווי מען מאכט פאפיר פון שטרוי, פון האָלץ, אָבער דאָס בעסטע און שענסטע פאפיר קומט־ארויס פון אונז — פון שמאטעס.

— און ווי מאכט מען קאָלירט פאפיר?

— אזוי ווי ווייס פאפיר. נאָר צום טויג גיסט מען צו פארב?

פראגען: וואָס איז פאפיר פריער געוועזן?
ווי אזוי ווערט געמאכט פאפיר?

---

II.

— און מיין געשיכטע איז א קירצערע — האָט די בליי־פעדער אנגעהויבען און א הוסט געטאָן.

איידער איך בין געוואָרען א בלייפעדער, בין איך גע־וועזן שטיין און געלעגען טיף אין דער ערד, ווייט פון דאנען.

אין בערג בין איך געלעגען און אין אנ'אנדער לאנד.

דערדאָזיגער מין שטיין מוז זיין א קרוב פון שטיינ־קוילען, ווייל ער איז אויך שווארץ, ווי זיי. האָט מען מיך ארויסגענומען פון דער ערד און געשטויסען און געמאָלען גאָר דין, און דערנאָך צומישט מיט קליי, איינגעפאסט אין האָלץ און א נאָמען געגעבען „בלייפעדער“.

— א מאָרנער נאָמען, גאָרנישט צוגעפאסט — האָט בעמערקט דאָס שטיקעל פאפיר — בליי איז דאָך גאָר מעטאל.

— אֶמֶת, אָבער גאָר אמאָל, בשעת מען האָט נאָך פון דעם שטיין נישט געוואוסט, האָט מען בלייפעדערס גע־מאכט פון בליי, און דער נאָמען איז שוין אזוי פערבליבען.

— און ווי מאכט מען קאָלירטע בלייפעדער? — האָט געפרעגט דאָס פאפיר.

— קאָלירטע בלײַפעדער מאכט מען פון קרײַט, צו מישט מיט פארב און בלײַ, — האָט רוהיג געענטפערט די בלײַפעדער.

די בלײַפעדער האָט נאָך געוואָלט דערצעלען, אָבער אין מיטען איז ארײַנגעקומען מאָטעלע און אָנגעהויבען צייכענען.

פראגען: וואָס איז די בלײַפעדער פריער געווען? ווי מאכט מען בלײַפעדער?



22.

אָליע־לוק־אָיע און זײַנע מַעֲשֶׂה׳לעך.

צי קאָנט איר נישט, קינדער, אָליע־לוק־אָיע? דאָס איז א וואונדערליכער מענש, און מַעֲשֶׂה׳לעך שיטען זיך פון אים, ווי שנייעלעך אין א געוויטער.

אלע אָווענט, ווען קינדער זיצען רוהיג בײַם טיש, שוין געגעסען און געטרונקען, בעווײַזט זיך זאכט און פאַמעלעך אָליע־לוק־אָיע.

קוים וואָס מען בעמערקט זײַן בעוועגונג, קוים וואָס מען הערט זײַנע טריט. ער גַנבֶ׳עט זיך שטיל, ווי א שאָטען, און בלאָזט פון הינטען די קינדער אין די קעפּלעך ארײַן...

למַאי טוט ער עס? דער גוטער אָליע־לוק־אָיע וויל, אז די קינדער זאָלען זיך אויפהויבען פון די ערטער, צו־וואשען די פָּנִימ׳לעך און העטלעך און לעגען זיך אין

בעטעל. דעמאָלט וועט ער דערצעלען א שען מַעֲשֶׂה'לע. און א זיסער שלאָף וועט זיי איַינוויגען. ווערען די קינדער איַינגעשלאָפען מיט א שמייכעל אויף די ליפען און גאָלדע-נע חַלוֹמוֹת זעהען זיי אין שלאָף.

אָליע-לוק-אָיע קומט נישט צו שלעכטע קינדער. שלעכ-טע קינדער האָט ער פיַינט. און וויינען קאָן ער גאָרנישט הערען — ער אנטלויפט אָהן רויש פון וויינענדיגע קינדער און קומט מער קיינמאָל נישט צו זיי.

וויינענדיגע קינדער זעהען שוין קיינמאָל נישט מער אָליע-לוק-אָיע...

געווען אָבער א שטיל פערקלערט יונגעלע חַיִימ'ל, וואָס האָט זעלטען געוויינט, וואָס האָט ליב געהאט דעם הימעל און די שוועלבעלעך, וואָס פליהען זומער; פאר-נאכט, אונטער'ן הימעל, און דעם וואלד, וואָס בײַם שטע-טעל, און דאָס טײַכעל, וואָס בײַם קרעטשמע, און די ברייי-טע גרינע פרײַע פעלדער, וואָס ליגען הינטער די שמאָלע געסלעך, און שענע ליבע מַעֲשֶׂה'לעך.

— מאמע, — פלעגט ער בעטען פארנאכט, בעֵת די זון פלעגט א רויטע נידערן בײַם עק הימעל, — דערצעל מיר א מַעֲשֶׂה'לע... אויב דו האָסט קיין צײַט נישט, איז כאָטש א קליין מַעֲשֶׂה'לע, מאמע.

און איינמאָל, פארנאכט, איז חַיִימ'ל געזעסען בײַם פענסטער און געקוקט אויף דער רויטער זון. בײַטאָג איז ער געווען אין חֶדר און אין גאס און בײַם טײַכעל און מיט קינדער געשפילט, און איצט האָט ער געוואַרט אויף א

מַעֲשֶׂה'לע. באלד האָט ער בעדארפט געהן שלאָפען, און די מאמע האָט אלץ קיין צייט נישט געהאט צו דער־צעלען. ויצט ער און דערצעלט זיך אליין איבער אלאנג־געהערט מַעֲשֶׂה'לע און קוקט אויף דער זון, וואָס ווערט נידעריגער און ברוינער און טונקעלער. פּלוצלונג דערהערט ער, ווי מען רופט אים זעהר שטיל ביים נאָמען, אזוי שטיל, ווי דער שאָרך פון א זומערווינטעלע:

— חַיִימ'ל?...

און דערביי א בלאָז אין די הערלעך פון קאָפּ.

דערנאָך עטוואָס העכער:

— חַיִימ'ל, א מַעֲשֶׂה'לע ווילסטו?

דאָס איז געווען אָליע־לוק־אָיע.

— חַיִימ'ל, האָט ער נאָכאמאָל געזאָגט — איך וועל דיר דערצעלען שענע מַעֲשֶׂה'לעך, און איך האָב דיך ליב...

אָליע־לוק־אָיע האָט זיך פונאנדערגעלאכט שטיל און ווייך, ווי א הארציגער אלטער זיידע.

חַיִימ'ל האָט זיך האסטיג אָבגעקערט און צוגעקוקט. געשטאנען איז אָליע־לוק־אָיע נעבען אים מיט א לאנגער ווייסער באָרד, אין רויטע ברייטע קליידער, מיט גוטע לאכענ־דיגע אויגען און אין די הענט האָט ער געהאלטען צאצקעס: פערדעלעך און קעצעלעך און הינטעלעך און פידעלעך און שיפעלעך און ווייגערלעך. און פון א ברייטער קעשענע האָט אים ארויסגעקוקט א קאָפּ פון א גרויסען פויגעל מיט א פערקרימטען שנאָבעל.

אָליע־לוק־אָיע האָט א טרויסעל געטאָן מיט דער לאנ־

נער ווייסער באָרד, א קנאק געגעבען מיט די צאצקעס, זיינע אויגען האָבען געלאכט און ער איז זאכט און ווייך פערשוואונדען געוואָרען.

די זון איז שוין לאנג פערגאנגען, און אויפ'ן הימעל האָבען ארומגעטאנצט טויזענטער שטערענדלעך, ווי קליינע נאָלדענע פויגעלעך אויף א ברייטען גרינעם בוים.

אין דרויסען איז געווען רוהיג און שטיל. אין די ווייטע אנטקעגענדיגע פענסטער האָבען געבלישטשעט פייערלעך. אלע קינדער שלאָפען שוין, און חַיִימ'ל איז אהן א מַעֲשֶׂה'לע אוועק צום בעטעל שלאָפען.

נאָר אז ער האָט זיך איבערגעקערט צום וואנט און טיף איינגענורעט דעם קאָפ אין קישען, איז אים געקומען פאר די אויגען אָליע-לוק-אָיע, א לאכענדיגער, מיט א ווייסער באָרד, מיט א סך צאצקעס אין די הענט, און פון א קעשענע האָט אים ארויסגעקוקט א קאָפ פון א פויגעל.

איינגעשלאָפען האָט חַיִימ'ל רוהיג און זיס.

צומאָרגענס איז טאקי געווען פרייטאָג, און אָליע-לוק-אָיע איז געקומען נאָך וועטשערע. עס האָבען אויסגעברענט די ליכט אין די לייכטער, אויפ'ן טיש איז געלעגען א ווייסער סערוועט, טאטע-און-מאמע זענען אריין צו א שכֵנָה, און חַיִימ'ל איז געלעגען אין בעט.

אָליע-לוק-אָיע האָט געשמייכעלט, ווי נעכטען, די האנט — פול מיט צאצקעס, פון קעשענע קוקט דער פויגעל, נאָר הויזען האָט אָליע-לוק-אָיע געטראָגען בלויע. ער האָט אויפגעלעגט די צאצקעס אויפ'ן בעט, דערביי זיך אנידער-

גזועצט, אבלאָז געטאָן חַיִימ'לען איבער'ן קעפּיל, זיך
פונאנדערגעלאכט אָהן א טום קלאנג און ארומגעקוקט זיך.
— חַיִימ'ל! — האָט זיך אָליע-לוק-אָיע פלוצלונג אויפ-
געהויבען און אטאנץ געטאָן — חַיִימ'ל, זיבען טעג איז דאָ
אין דער וואָך. וועכטי האָבען זיבען מַעֲשֶׂה'לעך אוואָך.
יעדען טאָג א מַעֲשֶׂה'לע. היינט — די ערשטע.



23.

דאָס גאָלדענע פישעלע.

I.

בײַם בלויען יַם האָט אמאָל געוואוינט אנ'אלטער פי-
שער מיט זײַן ווײַב. און געוואוינט האָבען זיי אין א קליין
אלט הײַזעלע גאנצע דרײַ-און-דרײַסיג יאָר.

דער אלטער האָט מיט'ן נעץ געכאפּט פיש, די אלטע
האָט פערלעגט פײַער אין אויוען.

פערוואָרפט איינמאָל דער אלטער זײַן נעץ אין יַם —
און ציט-ארויס זאמד. פערוואָרפט ער א צווייט מאָל,
שלעפּט ער ארויס יַם-גראָזען. וואָרפט ער צום דריטען
מאָל דעם נעץ אין יַם אריין — געפינט ער אין נעץ א גאָלדען
פישעלע, אנ'עכט, שען, גאָלדען פישעלע.

טוט דאָס גאָלדענע פישעלע א ציטער אין נעץ און
רופט זיך אָן צום אלטען מיט א קול פון א מענשען:

— אלטעטשקער, לאָז מיך צוריק אין יַם אוועק. לאָז

מיך אוועק, און דערפֿאר וועל איך דיר געבען אלץ, וואָס דו ווילסט נאָר פֿון מיר בעגערן.

וואונדערט זיך דער אלטער און דערשרעקט זיך אַפּילו. שוין דרײַאונדרײַסיג יאָר, ווי ער איז פֿישער, און האָט נאָך קיינמאָל נישט געהערט, אז אפֿיש זאָל ריידען, זאָל קאָנען ריידען.

לאָזט דער אלטער אוועק דאָס גאָלדענע פֿישעלע און זאָגט אים דערבײַ עטליכע ווערטער:

— גײה בשלום, גאָלדען פֿישעלע מײַן! איך פֿערלאַנג פֿון דיר קיין זאך נישט. גײה און שפּיעל זיך אין ים אין בלויען.

---

II.

קומט דער אלטער צו זײַן ווײַב, קאָן ער זיך נישט אָבוואונדערן פֿון דעם, וואָס ער האָט געזעהן. דערצעלט ער דעם ווײַב.

— הערסטו, האָב איך הײַנט געכאַפּט א פֿישעלע, איז עס געוועזן א גאָלדען פֿישעלע. א גאָלדען... א גאָלדען... און גערעדט האָט עס, ווי מיר ריידען און צוריק אין ים ארײַן האָט זיך עס געבעטען. און צוגעזאָגט האָט עס מיר כּל־הון־דעלמא, ווען איך זאָל עס צוריק אין ים אוועקלאָזען. מיר האָט אָבער באנג געטאָן דאָס פֿישעלע, האָב איך עס אלד אָבגעלאָזט. זאָל עס זיך שפּילען אין בלויען ים.

הערט די אלטע די מעשׂה און פֿאלט־ארײַן אין ברימצאָרן.

— שוטה דו, שוטה! נארישער קאָפּ דו! למאי האָסטו אוועקגעלאָזט דאָס פישעלע. האָסט דאָך געקאָנט עפּיס אויסבעטען ביי אים. כאָטש א פּשוט טעפּעל האָסטו בע־דארפט אויסבעטען. אונזערס איז שוין לאנג צובראָכען.

געהט שוין דער אלטער צום בלויען ים, זעהט ער, די כוואליעס ווארפען זיך לייכט. רופט ער דאָס גאָלדענע פישעלע. שווימט עס פון די כוואליעס ארויס און פרעגט.

— אלטעטשקער, וואָס איז דיין פערלאנג?

פערנויגט זיך דער אלטער און זאָגט:

— זיי מיר מוחל, שען־גאָלדען פישעלע. די אלטע מיינע, דאָס ווייב, הייסט עס, פייניגט מיך. זי זאָגט, אז א טעפּעל דארף זי האָבען. אונזערס האָט זיך שוין צובראָכען.

הויבט זיך אויף דאָס גאָלדענע פישעלע אויף א בלויע כוואליע און זאָגט:

— זיי רוהיג, אלטעטשקער! גע אהיים, ווערסט האָבען א ניי טעפּעל.

III.

קומט דער אלטער צו זיין ווייב, זעהט ער, עס שטעהט שוין א ניי טעפּעל.

די אלטע אָבער איז נאָך בייזער, ווי פריער.

— שוטה דו, שוטה! הילצערנער קאָפּ דו! א טעפּעל האָט ער אויסגעבעטען! וויפיל קאָסט א טעפּעל? גע, פּרא־אָדם, און בעט א הייזעל ביים פישעלע! א הייזעל פּרא־אָדם! א הייזעל, שוטה! א הייזעל!...

געהט דער אלטער ווידער צום בלויען ים. זעהט ער: טונקעל איז דער ים. נעמט ער רופען דאָס גאָלדענע פי־שעלע. בעוויזט זיך עס באלד צווישען די טונקעלע כוואל־יעס. פרעגט עס:

— אלטעטשקער, וואָס איז דײַן בעגער?

פערנויגט זיך דער אלטער פאר'ן פישעלע און זאָגט.

— זײַ מיר מוחל, שען־גאָלדען פישעלע. די אלטע, מײַן ווײַב, הייסט עס, איז נאָך בייזער, ווי פריער. איך האָב שוין גאָר פון איר קיין רוה נישט. א הויז וויל זי, די מרשעת.

ענטפערט דאָס גאָלדענע פישעלע:

— האָב קיין צַער נישט, אלטעטשקער, געה אהיים, וועסט שוין האָבען א הויז.

געהט דער אלטער אהיים, זעהט ער: נישטאָ שוין דאָס אלטע גרויע הײַזעלע זײַנס. א הויז, א רײַך הויז שטעהט, מיט הויכע ליכטיגע פענסטער, מיט ברייטע גע־מאָלטע טירען, מיט ווײַסע קוימענס אויף א רויטען דאך. די אלטע זיצט בײַם פענסטער און מַמש זי ווערט צובערענט פון כַעס. עס קאָכט אין איר דאָס בלוט.

— שוטה דו, שוטה! הילצערנער קאָפּ דו! א הויז האָט ער אויסגעבעטען. פֶּרֶא־אָדָם! געה און זאָג דעם פי־שעלע, אז איך וועל שוין מער נישט זיין קיין פּראָסטע יודענע. א פּריצ'טע וויל איך זיין, אנ'אֶמֶת'ע פּריצ'טע...

געהט ווײַטער צום ים דער אלטער. און דער ים איז אינרוהיג. עס הויבען זיך די כוואליעס אלץ העכער־

און העכער. רופט דער אלטער דאָס גאָלדענע פישעלע. צאפּעלט זיך עס ארויס פון אנ'אונרוהיגער כוואליע און פרעגט:

— אלטעטשקער, וואָס איז דיין בעגער?

פערנוויגט זיך טיף דער אלטער און זאָגט:

— זײַ מיר מוחל, שען־גאָלדען פישעלע. איך האָב פון דער מרשעת געברענטע לײדען. זי איז נאָך בייזער, ווי פריער. א פּריצ'טע וויל זי שוין זײַן — און גאָר!

זאָגט דאָס גאָלדענע פישעלע:

— עס זיך נישט אָב דאָס הארץ, אלטעטשקער. געה זיך רוהיג אהיים. עס וועט שוין געשעהן.

---

IV.

קערט זיך צוריק אהיים דער אלטער, בלײַבט ער שטעהן א פערגאפטער. עס שטעהט א הויכער פּאלאץ, מיט גאָלדענע געזימסען בעפּוצט. ביים פּאלאץ, אויף א ברייטען געמאָלטען גאניק, שטעהט זײַן אלטע, אָנגעקליידט ווי א פּריצ'טע, מיט פּערל אויפ'ן האלז, מיט דימענטען און ברילּיאנטען אויף די הענט, אין זײַדענע שיכעלעך און א גרויסער ברילּיאנט לײַכט איר פון די האָר ארויס. ארום איר דרעהען זיך דערשראָקענע בעדינער און זי שלאָגט זיי און רײַסט זיי פאר די האָר.

זאָגט איר דער אלטער פישער:

— גוט מאָרגען, מײַן שענע פּריצ׳טע! נו, איצט ביזטו שוין צופרידען? האָסטו שוין איצט נַחַת גענוג?

צושרײַט זיך אויף אים די אלטע, שטעלט אויס אַ פּאָר בײזע אויגען און שיקט אים אוועק אין שטאַל אַרײַן — ער זאָל זײַן דינער אַרום די פערד.

און בײז איז די אלטע נאָכמער, ווי פריער. זי שרײַט, ליאַרמט און שילט און שלאָגט יעדען, ווער עס קומט איר נאָר פאַר די אויגען.

און איינמאָל שיקט זי דעם אלטען ווידער צום פישעלע:

— געה זאָג דעם פישעלע, אַז איך וויל מער נישט זײַן קיין פּריצ׳טע. אַ קייזערין וויל איך זײַן! דו הערסט, שוטה? אַ קייזערין!

האָט זיך דערשראָקען דער אלטער, ווערט ער אָבער באַלד מוטיגער און זאָגט שוין מיט כַּעַס:

— וואָס נאָך ווילסטו, מרשעת? ווי קומסטו צו זײַן אַ קייזערין? מען וועט דאָך פון דיר לאַכען, מרשעת איינע! דו קענסט דאָך אַפילו נישט ריידען, ווי געהעריג.

קאָן שוין די אלטע נישט שטעהן אויף איין אָרט. טאַנצט זי פון פלאַמיגען צאָרן, גיט זי דעם אלטען אַ פּאַטש איבער דער באַק און זאָגט מיט שוים אויף די ליפען:

— הילצערנער קאָפּ דו! ווי אַזוי קאָנסטו מיר ריידען אַזוינע רייד? די מינוט זאָלסטו מיר געהן צום יַם. אַניט וועט מען דיך מיט געוואַלט אָבפירען אַהין!...

וואָס זאָל, נעביך, טאָן דער אלטער? געהט ער שוין

ווידער צום ים. און דער ים איז שווארץ. די כוואליעס ברומען און וויגען זיך. שטעהט דער אלטער, קוקט א ווייל און נעמט רופען דאס גאלדענע פישעלע. בליצט אויף א שווארצע כוואליע מיט גאלד, רוקט זיך ארויס פון דארט דאס פישעלע און פרעגט:

— אלטעטשקער, וואס איז דיין פערלאנג?

טוט זיך דער אלטער א נייג פאר איר און זאגט:

— זייַ מיר מוחל, שען-גאלדען פישעלע. די מרשעת מיינע לאזט מיך נישט לעבען. איצט וויל זי שוין גאר זיין א קייזערין! א קייזערין, דוקא א קייזערין וויל זי זיין!

שווימט צו נענטער דאס גאלדענע פישעלע און זאגט:

— האב קיין אנגסט נישט, אלטעטשקער. געה בשלום.

---

V.

קומט דער אלטער אהיים, זעהט ער: קייזערליכע פאלאצען שטעהען אנטקעגען אים און אויף אלץ גלאנצט און ליכט דאס גאלד. די אלטע זיצט אין א גאלדענעם צימער, ארומגערינגעלט מיט שענע לייט, יועצים, מיט ווייסע בערד און געדיכטע ווייסע ברעמען און מיט בלישטשענדיגע קנעפ אויף בלויע מונדירען. דערביי שטעהען סאלדאטען אין לאנגע שורות, מיט ביקסען אויף די אקסלען, און אויפ'ן טיש רויטלען זיך פלעשער מיט טייערע וויינען און מיט הויכע גאלדענע בעכער.

זעהט עס דער אלטער און גאפט און שרעקט זיך.

האָט מוֹרא אַ וואָרט אויסצורײדען. פאַלט ער אָבער דאָך אויף די קני און זאָגט מיט אֵימה צו דער אַלטער:

— קײזערין גרויסע! ביזטו איצט כאָטש צופרידען?

קוקט גאָר אויף אים נישט די אַלטע, הייסט אים פון די אויגען אוועקטרײַבען.

שפּרינגען אויף די דינער, טרײַבען דעם אַלטען דורך דער טיר ארויס. און הינטער דער טיר בעגעגענען אים די סאָלדאַטען און ווילען אים גאָר דער׳הרג׳ענען.

— רעכט אויף דעם אַלטען נאַר! וואָס קריכט ער אהער! — שרײַען און לאַכען די דינער פון פּאַלאַץ.

---

## VI.

געדט אריבער א וואָך, די צווייטע, הייסט די אַלטע ברענגען דעם מאַן. האָט מען אים קוים געפונען. ער איז ערגעץ אויף אַ פערוואָרפען פעלד, אין אַ גרוב געלעגען. ברענגט מען אים צו פירען פאַר דער קײזערין. זאָגט אים די אַלטע:

— געה פון דאָס נײַ צום פישעלע. זאָג דעם פישעלע, אַז איך וויל זײַן אַ קײזערין איבער דער גאַנצער ערד און איבער אַלע יַמים. אַלע זאָלען זיך פאַר מיר נייגען און בויגען און בוקען און דאָס גאָלדענע פישעלע זאָל מײַן דינסט ווערען.

שווײַגט דער אַלטער. ער האָט מוֹרא צו דערצאָרנען זײַן ווײַב. ער האָט מוֹרא צו זאָגען איר, אַז זי טאָר דאָס

נישט פערלאנגען, אז דאָס איז אַן עֲבֵירָה פאר גאָט. אָבער נישט פאָלגען דער אלטער האָט ער אויך מוֹרָא, געהט ער, נעבעך, אדערשלאָגענער, צום יַם. זעהט ער: אויפ׳ן יַם איז א שטורם. שווארצע כוואליעס שפּרינגען איינע איבער די אנדערע אזוי הויך, אז זיי פּאטשען מיט ליארם דעם טונ־קעלען הימעל און ארום און ארום ברומט און קאָכט און רוישט, אז מען קאָן פערטויבט ווערען.

נאָר דער אלטער רופט דאָך דאָס פישעלע.

לייכט־אויף אינ׳ם שווארצען שטורם דאָס גאָלדענע פישעלע און פרעגט:

— אלטעטשקער, וואָס ווילסטו נאָך?

ציטערט דער אלטער און זאָגט:

— זיי מיר מוֹחֵל, שען־גאָלדען פישעלע! וואָס פאָרט זאָל איך טאָן מיט דער מַרְשַׁעַת, מַיינע, הייסט עס? זי וויל שוין נישט זיין קיין קייזערין! זי וויל איצט געוועלטיגען איבער דער גאנצער וועלט און איבער יַמִּים, און דו, שען־גאָלדען פישעלע, זאָלסט זיין איר דינסט... פישעלע, פי־שעלע, די מַרְשַׁעַת האָט מיך שוין קראנק געמאכט. וואַס זאָל איך טאָן?

דאָס פישעלע אָבער ענטפערט נישט. דאָס עקעלע זיינס האָט נאָר א בליק געטאָן אינ׳ם שווארצען אונרוהיגען וואסער און דאָס פישעלע איז פערשוואונדען געוואָרען אין די טיפענישען פון יַם.

לאנג האָט געווארט דער אלטער אויף דעם פישעלע. קיין ענטפער איז אָבער נישט געקומען.

גנעהט ער אהיים אגעבויגענער, אדערשלאגענער, אג־
עלענדער. ער האָט מורא צו ווײַזען זיך פאר'ן ווײַב. קומט
ער אָבער אהיים, בלײַבט ער שטעהן אצומישטער. א
פערגאפטער, מיט אנ'אָפענעם מויל: אויף דעם אָרט פון
קייזערליכען פאלאץ שטעהט צוריק דאָס אמאָליגע אלטע
גרויע הײַזעלע, די אלטע זיצט אין אָבגעניצטע צולעכערטע
קליידער אויף דער שוועל, דאָס פּנים איז איר געלב און
דאר און נעבען איר וואלגערט זיך דאָס אמאָליגע צובראָ־
כענע טעפּעל, וואָס מען האָט עס שוין מער נישט געקאָנט
ניצען...



24.

א מַעֲשֶׂה'לע וועגען גלאָז.

עס איז ווינטער. איר, קינדערלעך, זיצט אצינד דאָס
רוב אין שטוב. אָבער איר האָט ליב די גאס, קוקט איר
דורכ'ן פענסטער ארויס. דורך די שויבען, דורכ'ן גלאָז
זעהט איר גאָטס ליכטיגע וועלט, אָנגעטאָן אין קלאָר־ווײַסע
קליידער.

אָבער אמאָל האָבען מענשען נישט געהאט קיין שויי־
בען אין פענסטער. געוועזען אצײַט, ווען גלאָז איז גאָר אויף
דער וועלט נישט געוועזען. האָרכט זיך צו — איך וועל אײַך
דערצעהלען די געשיכטע פון גלאָז.

אמאָל זענען סוחרים געפאָרען מיט אשיף אויפ'ן ים.
געפאָרען־געפאָרען און דערשלאָגען זיך קוים צו אברעג.

אין ווײַטע מדינות האָבען זיי אײַנגעקויפט גרויסע שטיקער סעליטרע (אזא מין זאלץ). און מיד פון דער לאנגער נסיעה, האָבען זיי געוואָלט אביסעל אָפּרוהען און מאכען זיך עסען. האָבען זיי פערלעגט אויפ'ן ברעג א גרויס פײַער, געבראכט פון שיף דאָס קעסעל און געזוכט שטיינער, אויף וועלכע מען זאָל קאָנען אוועקשטעלען דאָסדאָזיגע קעסעל. אָבער אין גרויסען זאמדיגען מדבר איז נישט געווען קיין איין שטיין. האָבען די סוחרים אראָבגענומען פון שיף צוויי גרויסע שטיקער סעליטרע, אוועקגעשטעלט דערויף דאָס קעסעל און אָבגעקאָכט עסען.

געשטילט דעם הונגער, זיך אויסגערוט, האָבען די סוחרים געשמועסט וועגען ים-ברעג מיט זײַנע מיליארדען זעמדעלעך.

— צו וואָס דארף מען אויף דער וועלט דעמדאָזיגען זאמד? — האָט געפרעגט איינער פון זיי: — די ארויסגערוקטע זאמדען אין ים צוהאקען די שיפען אין זייער גאנג. פאר די קאראוואנען אין מדבר איז דער זאמד א זיבערער טויט. איבער'ן זאמד לײַדט דער ערדארבײַטער הונגער, ווײַל דערויף קאָן נישט וואקסען קיין ברויט.

אלע סוחרים זענען געווען מיט דערזעלבער מיינונג און אלע האָבען זיי געזידעלט דעם זאמד. זיי האָבען גע-זאָגט, אז דער גרעסטער שונא פון מענשען איז ער.

דאָס פײַער האָט זיך לאנגזאם גענומען לעשען און אויסגעהן און די סוחרים האָבען בעדארפט צוריק ארויף אויפ'ן שיף. אז זיי האָבען אראָבגענומען דאָס קעסעל,

האָבען זיי דערזעהן אויף דער ערד עפּיס אהארטען גע־גענשטאנד, וואָס האָט געגלאַנצט, ווי זילבער, און דורכזיכטיג, ווי אבריליאַנט.

איז עס זעהר קָשֶׁה געוואָרען די סוֹחֲרִים. זיי האָבען נישט פערשטאַנען פון וואַנען האָט זיך גענומען דידאָזיגע מְצִיאָה. נאָר אז זיי האָבען לאַנג געקלערט, געזוכט און גע־פּאָרשט, האָבען זיי פערשטאַנען, אז די סעליטרע און דער זאַמד זענען אין פייער צושמאָלצען געוואָרען און זיך פער־וואַנדעלט אין אדורכזיכטיגען שטיין.

דאָס איז געוועזען גלאָז, און די סוֹחֲרִים האָבען שוין מעהר קיינמאָל נישט געזידעלט דעם זאַמד.

איצט האָבען זיי פערשטאַנען, אז זאַמד קאָן אויך ברענגען גרויסע נוצען דעם מענשען. זאַמד ווערט געברויכט ביים מאַכען גלאָז. גלאָז ווערט פאַבריצירט פון זאַמד, סע־ליטרע, קרעמען, וואַפּנע, אש און אנדערע געגענשטאַנדען. די אלע שטאָפען ווערען צוזאַמען אויסגעמישט און צו־שמאָלצען דורך אגרויסער ווארימקייט אין אשיטערער מאַ־סע. די מאַסע ווערט אריינגעגאָסען אין ווארימע קעסלען, וואו זי ווערט ביסלעכווייז אָבגעקילט און בעקומט די פאָרם פון גלאָז.

די יודען האָבען שוין בעניצט גלאָז מיט 2500 יאָר צו־ריק. די מִצְרִים האָבען נאָך מיט פירטויזענט יאָר צוריק געוואוסט צו מאַכען גלאָז.

פראַגען: וואָס האָבען די סוֹחֲרִים גערעדט וועגען זאַמד? וואָס האָבען זיי אונטערגעלעגט אונטער'ן קעסעל, אָנשטאָט שטיי־נער? פון וואָס ווערט געמאַכט גלאָז?

## 25.

### דער קעמל מיט'ן הארב.

אשענע מעשה איז דאס, מײַן קינד. װילסטו װיסען, פארװאס בײַם קעמל איז אויסגעװאקסען אזא גרויטער הארב?

דאס איז אמעשה מיט אקעמל, װאס האט געלעבט גאר אמאל, בעת די װעלט איז נאר־װאס בעשאפען געװא־רען, בעת זי איז נאך געװען אנײַע און אריינע און אלע חיות האבען גענומען ארבײַטען פאר'ן מענשען.

דערדאזיגער קעמל האט אבער געװאוינט אין אויס־טען מדבר, װײַל ער האט נישט געװאלט ארבײַטען, און געגעסען האט ער װילדע ביטערע קרײַטעכצער און הארטע צוטריקענטע מדבר־גראזען.

פויל און אונבעװעגליך איז ער געװען, װי אשטיין. און אז עמיץ האט געפרובט מיט אים ריידען, פלעגט ער ענט־פערן:

— הם... הם...

און נישט מער.

אויף קעמעלש אבער פלעגט עס בײַ אים ארויסקומען:

— כארפ!

איינמאל איז צו אים צוגעגאנגען אפערד. אפערד מיט אזאטעל אויפ'ן רוקען און מיט רימענס אויפ'ן קאפ.

— קעמל, דו קעמל — האט דאס פערד געזאגט, — קום ארויס צו אונז און לויף מיט אונז צוזאמען.

— כּאָרפּ! — האָט געענטפערט דער קעמל און אָבגע-קערט דעם קאָפּ.

איז אוועק דאָס פערד צום מענשען און האָט עס אים דערצעלט.

געהט אהונט צום קעמל, אהונט מיט אשטעקען אין מויל.

— קעמל, דו קעמל, — זאָגט דער הונט, — קום אהער און העלף טראָגען פּעקלעך, ווי מיר אלע טראָגען.

— כּאָרפּ! — האָט געענטפערט דער קעמל און אָבגע-קערט דעם קאָפּ.

איז אוועק דער הונט צום מענשען און האָט עס אים דערצעלט.

געהט שוין אנ'אָקס צום קעמל, אנ'אָקס אין אנ'אקער נעשפּאנט.

— קעמל, דו קעמל, — זאָגט דער אָקס, — קום ארויס און העלף אונז אקערן די פעלדער, ווי מיר אלע טוען.

— כּאָרפּ! — האָט געענטפערט דער קעמל און אָבגע-קערט דעם קאָפּ.

איז אוועק דער אָקס צום מענשען און האָט עס אים דערצעלט.

פארנאכט האָט דער מענש פּעררופען צו זיך דאָס פערד, דעם הונט און דעם אָקס, און געזאָגט:

— הערט נאָר, מיינע טייערע חברים, וואָס איך וועל אייך זאָגען. איך מיין, אז דאָס בריאה'לע, דער קעמל, הייסט עס, וואָס וואוינט אין מדבר, קאָן נישט ארבייטען.

מען רופט און מען רופט אים, און ער געהט נישט — מסתּמא קאָן ער נישט ארבייטען. איך האָב טאקי מיט אייך גרויס מיטלייד, אָבער וואָס קאָן איך העלפען. איר זעהט דאָך, וויפיל ארבייט עס איז דאָ, וועט איר מוזען, מיינע טייערע, ארבייטען פאר פירען. איר דריי — פאר פירען. און דאָס קעמעלע וועלען מיר לאָזען אין מדבּר ביי די טרוקענע גראָזען.

האָבען זיך די דריי חיות בעליידיגט. ווי האָט עס שטארק פערדראָסען. זענען זיי אוועק אין א וועלדעל מיישב זיין זיך, וואָס צו טאָן.

און גראָד אין דער מינוט האָט זיך צו זיי בעוויזען דער האר, וואָס איז ממונה איבער מדבּריות און סטעפּעס. אין א וואָלקען שטויב האָט ער זיך בעוויזען און איז געבליבען שטעהן פאר'ן ישוב פון די דריי חיות.

— האר פון מדבּר! — האָט זיך אויפגעשטעלט דאָס פערד, — צי מעג מען זיין פויל אויף דער וועלט, בעת די דאָזיגע וועלט איז נאָך גאָר ניי און אָהן א פּאָראָנדעק?

— נו, אוודאי נישט, — האָט רוהיג דער האר געענט- פערט.

— וועל איך דיר זאָגען, — רעדט ווייטער דאָס פערד, — אין ווילדען מדבּר וואוינט א מאָדנע חיה מיט א לאנגען האלז און מיט לאנגע פיס. פוילט זיך דאָס זעהר צו ארביי- טען. דאָס וויל גאָרנישט ארבייטען. דארף עס זיין אזוי?

— אך, איך וויים ווער, — האָט דער האר פון מדבּר

א שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ, — דאָס איז אַוודאי דער קעמל? איז וואָס זאָגט ער, דער קעמל.

— כאָרפּ! זאָגט ער, — האָט זיך אַריינגעמישט דער הונט, — ער וויל נישט טראָגען קיין פּעק און וויל נישט פאָלגען א גאנג.

— און וואָס זאָגט ער נאָך? — פרעגט ווייטער דער האר.

— ער האָט נאָר איין וואָרט: כאָרפּ, כאָרפּ און כאָרפּ — מער הערסטו פון אים נישט, — האָט גע'רַעשׁ'ט דער אָקס.

דער האר האָט זיך אויף אֶרגע פערקוקט און דער־נאָך ארויסגעזאָגט:

— זעהר פֿיין, איך וועל אים שוין ווייזען, וואָס הייסט כאָרפּ. ער וועט שוין ביי מיר האָבען א כאָרפּ.

און באלד האָט זיך דער האר א הויב געטאָן אין זיין בלויען וואָלקען שטויב און איז אוועקגעפלויגען אין מדבר. דאָרט האָט ער געפונען דעם קעמל. דער קעמל איז געזעסען נעבען א שמוציג טייכעלע וואסער און געקוקט אהין מיט שלעפעריגע אויגען.

דער האר איז געבליבען שטעהן אין זיין בלויען וואָלקען שטויב.

— הער־נאָר, קעמל, — האָט ער געזאָגט, — איך האָב עפּיס געהערט, אז דו פוילסט זיך צו ארבייטען, אז דו ווילסט גאָרנישט הערען און זעהען וועגען דעם.

— כאָרפּ! — האָט געענטפערט דער קעמל און שלע־פעריג אראָבגעלאָזט די אויגען.

דער האר פון מדבר האט זיך צוגעבויגט צום קעמל און בייז אויסגעשפּרייט א פליגעל.

— און ביי דיר איז רעכט, זעה איך, אז אנדערע זאָלען האָרעווען פאר דיר, אנדערע זאָלען טאָן דיין ארבייט?

— כּאַרפ! — האט ארויסגעזאָגט דער קעמל.

— פאָלג מיך, בעדאכט זיך, — האט מיט גוטעו געסטראשעט דער האר פון מדבר, — צי איז דאָס א יושר, אז דריי חיות זאָלען ארבייטען, האָרעווען פאר דיר?

— כּאָרפ! — האָט דער קעמל ווידער געזאָגט דאָס זייניגע.

דעמאָלט האָט דער האר א פאטש געטאָן מיט די פליגלען, עס איז אויף א ווייַלע פינסטער געוואָרען, און דערנאָך, אז דאָס פינסטערניש איז צורונען, האָט מען געקאַנט זעהן, ווי ביים קעמל איז פאר דער צייט אויסגעוואַקסען אויפ'ן רוקען א האָרב.

— אָט האָסטו דיר כּאָרפ, — האָט געזאָגט דער האר פון די מדבריות. — כּאָרפ. כּאָרפ. פון כּאָרפ איז דיר אויסגעוואַקסען א האָרב. איצט וועסטו שוין, דאכט מיר, ארבייטען...

— ווי קאָן איך אָבער ארבייטען מיט א האָרב אויפ'ן רוקען? — האָט שוין געקלאָגט דער קעמל.

דאָס ערשטע מאָל האָט ער ארויסגערעדט א פּאָר ווערטער.

— דאָס איז דיין שטראָף — האָט דער האר צוגעגרייט זיינע פליגלען אויף אוועקצופליהען. — געה ארבייטען.

דרײַ אַרבײַטען, װעסטו זײַן אַ פּערטער. און רײדען זאָלסטו מער אַ װאָרט נישט. גײ...

דער קעמל האָט טרויעריג אראָבגעלאָזט דעם קאָפּ און אװעק איבער'ן װילדען װיסטען מדבר צום פערד און צום אָקס און צום הונט. אַרבײַטען איז ער אװעק.

און פון דעם טאָג אָן איז שוין בײַ אים פערבליבען דער האָרב. אָבער אַרבײַט האָט ער אַזוי פיל, אַז ער קאָן נאָך אַלץ נישט אָניאָגען די צײַט, װאָס ער האָט דעמאָלט דורכגעלאָזט אין מדבר, בעת די װעלט איז נאָר־װאָס בעשאַפען געװאָרען, און ער האָרעװעט איבער די כּוחות.

אָבער אָנשטאָט כּאָרפּ—זאָגען מיר האָרב, װײַל מיר װילען אים נישט בעלײדיגען און דערמאָנען זײַן אַמאָליגע בוילקײַט. אַ רחמנות.





26.

## דאָס טײַכעל.

1.

קלאָר איז דאָס טײַכעל און לויטער אין פרילינג. הימעלבלוי ועהט עס אויס. און זײַנע אלע בעוועגונגען זענען פול חן. אונטער אים ליגט א דינע זאמדיגע קאָלדרע און איבער אים — א גרינע פרעהליכע חופה. ווי א קליין קינד אין א וויגעלע, ליגט ער אויסגעצויגען אויף זײַן ווייכער זאמדיגער קאָלדרע מיט א שטענדיגען שמייכעל אויף די ליפען.

דער ליבלינג פון אלע איז עס, דאָס טײַכעל. די בוימער, וואָס שטעהען נאָנט נעבען אים, זענען שטענדיג גרין, פריש און מונטער; די נידעריגע גראָזען, וואָס וואקסען בײַ זײַנע פיס, זענען פול זאפט און רייך, און אפילו די נידעריגע בוימלעך, וואָס שטעהען אָן א זײַט, זענען אויך בעצירט מיט רויזען. א גאנצען טאָג הערט זיך ארום אים א טשוויטשערן פון פויגעל, א זשומען פון בינען און א פרייליך קינדערגעלעכטער. און אין אָווענט, ווען דער נאכטיגאל פרובט זײַנע ליכטיגע טענער, געפינט ער אויך נישט קיין בעסער אָרט, ווי בײַם לויטערן טײַכעל.

פאלט צו די נאכט. א ווארימע שטילקייט פליסט פון איין עק הימעל צום צווייטען. אלץ שלאָפט. נאָר דאָס טייבעל איז וואך; עס זאָרגט זיך פאר די בוימער און פאר די גרעזלעך און פאר די בלומען. טראָפּענס קאלטען טוי שיקט עס צו זיי, וייער דאָרשט צו שטילען, וייערע פּנימ'לעך צו וואשען.

II.

נאָכ'ן פרילינג קומט דער זומער.

זומער וועלקען פרילינגבלומען, פרוכטען הויבען אָן צייטיג צו ווערען, לאנג ווענען די טעג, א שמייכעל ציהט זיך פון דער זון צו דער ערד. אָבער א פלאמפּ־ערדיגער איז דער שמייכעל און וואו ער פאלט, ברענט ער.

טריקענען גראָזען, וועלקען בלומען, שטעהען די בוימער פערשמאכטע און דאָרשטיג קוקען די פויגעלעך צו דער ערד. וואסער ווילען זיי.

קומט אָבער דער פרימאָרגען, געפינט זיי די זון פריש און פרעהליך, ווי אין פרילינג. פאר דער נאכט האָבען זיי אויפגעלעבט.

אָבער אויפ'ן טייבעל פאלט אויך דער זונס שמייכעל און קלענער ווערט עס און שמעלער און מאָגערער.

און אז דאָס טייבעל ליידט — טאָ וואָס וועט זיין מיט די בלומען און גראָזען?

אַפילו אויפ'ן וואלד איז א רחמנות.

זעהט עס די זון און פערשטעלט די אויגען.

בעוויַיזט זיך פון מַעֲרָב־זיַיט א שווערער וואָלקען. לאנג־זאם טראָגט ער זיך איבער'ן הימעל און לעשט דעם שיַין אויף דער ערד. חָיוּת, זאפט און שִׂמְחָה טראָגט ער פאר'ן אלטען וואלד, פאר די צארטע בלימעלעך און פאר די פָּשׁוּט'ע הארציגע גראָזען. דאָס טיַיכעל ווערט אויך עפּיס גענייסען פון אים.

פּלוצלונג גיט א גאָלדענע פּען א שריַיב איבער'ן הימעל און באלד דערויף קרעכצען־אָב צוויי שווערע בערג.

בבבום! בבבום!



א פרעהליכער רעגען טאנצט איבער דער ערד און די ערד טאנצט אין א פרעהליכען רעגען.

און בוים און גראָז און בלום שמייכלען דורך פרעהלי־כע טראָפּענס.

אָבער פרעהליכער פון אלעמען זעהט־אויס דאָס טיַי־כעל. עס איז ברייטער, פריַיער און בּשוועגליכער געוואָרען: עס האָט שוין וואָס צו שענקען די גרינסען אין די הייסע זומערטעג.

27.

## העמדעלעך וואקסען אין פעלד.

I.

די קליינע מירעלע האָט געזעהן, ווי דער שכן אנטאָן, א גע־טער און א שמייכלענדיגער פויער, שיט איבער'ן פעלד קליי־נע בלישטשענדיגע קערנדלעך, האָט זי געפרעגט איר טאטען:

— וואָס טוט ער דאָס, טאטע?

— ער זייט פלאקס, טאָכטערשי. דערפון וועלען אויס־וואקסען העמדלעך פאר דיר און פאר אלע קינדער.

האָט זיך מירעלע פערטראכט; זי האָט נאָך קיינמאָל נישט געזעהן, אז העמדער זאָלען וואקסען אין פעלד.

אין א וואָך צוויי ארום איז דאָס פעלד בעדעקט געוואָ־רען מיט גרינעם גראָז, ווייך ווי זייד. מירעלע האָט גע־קוקט דערויף און געטראכט: „אָט אזא העמדעלע וואָלט איך טאקי געוואָלט האָבען“. און איינמאָל איז ארויס פון שטוב מירעלעס טאטע, אויך א קוק געטאָן אויפ'ן פעלד און מיט שטילער התפעלות געזאָגט:

— אך, פיינע העמדעלעך וואקסען! פיינע העמדעלעך!

זענען אוועק נאָך עטליכע וואָכען; די גראָזען אין פעלד האָבען זיך אויפגעהויבען, און אויף זיי האָבען זיך בעוויזען בלויע בלימעלעך. „מיין ברודערל משה'לע האָט אזעלכע אויגעלעך“, — האָט מירעלע געקלערט: — אָבער אזעלכע העמדלעך האָב איך נאָך ביי קיינעם נישט געזעהן.

און אז די בלימעלעך זענען אראָבגעפאלען, האָבען זיך אויף זייער אָרט בעוויזען גרינע קעפלעך. ווען די קעפלעך

זענען געוואָרען ברוין און טרוקען, האָט אנטאָנס ווייב מיט די שוועסטער ארויסגעפליקט פון דער ערד דעם פלאקס מיט די וואָרצלען צוזאמען, צונויפגעבונדען אין קליינע גארבען און ארויסגעשטעלט אין פעלד טריקענען.

---

## II.

אז דער פלאקס איז אויסגעטריקענט געוואָרען, האָט מען אים אָבגעשניטען די קעפּלעך. און די בינטלעך, אָהן קעפּלעך, האָט מען אראָבגעלאָזט אין טייכעל אויפ'ן גרונד און אויבען בעלעגט מיט שטיינער, ווי זאָלען נישט ארויפשווימען צוריק.



פלאקסגארבען.

האָט מירעלע, אנ'אומעטיגע, געקוקט, ווי מע דערטרענקט אין טייך און מען פּייניגט די העמדעלעך.

אין א וואָכען צוויי ארום האָט מען ארויסגענומען דעם פלאקס פון טייך, אויסגעטריקענט אים און גענומען קלאפּען דערויף צוערשט מיט א ברעט אין שייער און דערנאָך מיט א קלאפּער אויפ'ן הויף און אזוי שטארק, אז ביי מירעלען אין שטוב האָבען זיך צושלאָגען צוויי גלעזער, וואָס זענען געשטאנען אויפ'ן פענסטער. נאָכ'ן אויסקלאפּען האָט מען די פלאקס גענומען קעמען מיט אנ'אייזערנער קאם, ביז עס איז געוואָרען ווייך, ווי זייד, ווייך, ווי האָר.

---

## III

און דערנאָך איז קאַלט געוואָרען און אַ ווײַסער ווינטער האָט זיך אראָבגעלאָזט אויף דער ערד. דעמאָלט האָט מירעלע געזעהן, ווי אנטאָנס טעכטער האָבען ארויפגעטאָן דעם פלאַקס אויף קאַמען און גענומען אים שפּינען. „אוי, דאָס איז באַוועל“ — האָט זיך מירעלע אַ כאַפּ געטאָן — „אָבער וואו איז דאָס העמדעל?“

מירעלע האָט געוואַרט און געוואַרט און קיין העמדעל האָט זיך אַלץ נישט געזעהן. שוין אוועק דער ווינטער, דער פרילינג, דער זומער און ערשט צו הערבסט האָט אנטאָן אוועקגעשטעלט אין שטוב אַ וועבשטול, אָנגעצויגען פעדעם דערויף און גענומען וועבען. דאָס שיפעל איז געלאָפען צווישען די אָנגעצויגענע פעדעם, און דאָ האָט שוין מירעלע דערזעהן, ווי פון די פעדעם קומט ארויס אַ שטיק לײַווענט.

אַז דאָס לײַווענט איז פאַרטיג געוואָרען, האָט אנטאָנס ווײַב אַ טייל צושניטען אויף העמדער, אַ טייל פערקויפט מירעלעס טאַטען און אַ טייל אוועקגעפירט אין מאַרק ארײַן. און אין אַ וואָך ארום האָט שוין מירעלע געטראָגען פון אנטאָנס פלאַקס אַ שניי־ווײַס העמדעל. זי האָט געטראָגען אַ העמדעלע, וואָס איז אויסגעוואַקסען אין פעלד.

פראַגען: וואָס איז געוואָרען פון די קערנדלעך, וואָס אנטאָן האָט פערזייט? וואָס האָט מען געטאָן מיט'ן פלאַקס דערנאָך, אַז מען האָט אים אויסגעריסען און ער איז אויסגעטריקענט געוואָרען? וואָס האָבען אנטאָנס טעכטער געטאָן ווינטער? און וואָס האָט אנטאָן דערנאָך געטאָן? ווען איז פאַרטיג געוואָרען אַ העמדעלע?



## 28.

### דער בארנבוים.

דער ווינט האָט פערטראָגען א קערנדל און א וואָרף געטאָן עס אין א מיטען פעלד. דאָס איז געווען א קערנדל פון א בארנע.

די ערד האָט עס צוגעטוליעט צו זיך, די זון האָט גע־וואָרימט. און אין א קורצער צייט ארום האָט דאָס קערנדל געפלאצט און ארויס איז פון אים א גרינע שפּראָצונג אין דערהויך און א וואָרצעלע אין דער ערד.

דאָס בארנבוימעלע האָט חָנ'עווריג געוואקסען, געוואָ־רען אלע מאָל גרעסער און דיקער, זיך בעדעקט מיט א קאָרע און די וואָרצלען זיינע זענען אויך געוואקסען און געטרונקען די זאפט פון דער ערד. גרעסער און דיקער איז געוואָרען דער שטאם און נייע צווייגען זענען אים צוגע־וואקסען; אויף די נייע צווייגען — ווידער צווייגען, יונגע קליינינשקע און הארציגע, און ביסלעכווייז איז דער בוים געוואָרען א הויכער שענער בוים.

פרילינג האָט ער זיך אויסגעפוצט אין ווייסע בלימלעך, ווי אין שנייעלעך, און געקוקט ארום זיך א ווייסער, א שוויי־נענדיגער, אזוי ווי א היילינגער.

שפּעטער זענען די בלימלעך אראָבגעפאלען און עס האָבען זיך בעוויזען גרינע קנייפּעלעך. די זון האט זיי גע־ווארעמט, דיזאָזיגע קנייפּעלעך, די וואָרצלען האָבען זיי גענערט פון אונטען, פון דער ערד, דורכ'ן שטאם, און לאנג־

זאם און אונבעמערקט האָבען זיי זיך פערוואנדעלט אין ווייכע ווייַניגע בארנעס.

דאָס זענען געוועזען די ערשטע בארנעס, וואָס דאָס עלענדע קערנדל, פערטראָגען דורכ'ן ווינט אויף א מיטען פעלד, האָט געשענקט דער וועלט. דאָס זענען געוועזען זייַנע ערשטע קינדער.

פראגען: וואָס איז געוואָרען פון פערטראָגענעם קערנדל? ווער האָט גענערט די גרינע קייַלעכלעך, וואָס האָבען זיך דערנאָך פערוואנדעלט אין בארנעס?



.29

א זומערפּוינגעלע.

אין די גערטנער שטעהען בוימער,
אויסגעפּוצט אין ווייַסע בלומען,
אָנגעזאפּט מיט לעבענסקרעפטען,
אָנגעפילט מיט נייַע כּחות,
און די זאפטיג פולע צווייַגלעך
ציהען צו די בלויע הימלען.
און די זון — זי גיסט ארונטער
ליבע שטראלען אויף די פעלדער,
אויף די בערג און גרינע טאָלען,
אויף די שנע, אויף די יונגע
בלומענקנאָספּען;
און א לינדעס פרילינגסווינטעל

האלוט און קושט די יונגע גרעזעלעך.
אַט בעוויַזט זיך גאָר א שענער
רויטגעפלעקטער זומערפויגעל.
איך און איציק,
אונזער שָכֵנ'ס איינציג יונגעל,
לויפען האסטיג מיט די היטלען,
און מיר וואַרפען זיי אין לופטען,
און נישט אנדערש ווי נאָר כאפען
ווילען מיר דעם זומערפויגעל
בײַ דעם פּארקאן, וואָס ארום איז
אונזער גערטעל.
און מיר ביידע, איך און איציק,
לויפען ווידער מיט די היטלען,
און עס פליהט שוין איציקס היטעל
צו דעם פּארקאן.
דאָסמאָל דאכט זיך אים גאנץ זיכער,
אז ער האָט אים שוין געפאנגען —
לאנגזאם... לאנגזאם... גאנץ פּאמעלעך
הויבט מײַן חַבֵר אויף דאָס היטעל...
ערשט דאָס היטעל איז גאָר לעדיג.
און איך לאך מיך שטארק פונאנדער:
„לעקיש איינער! לעקיש, לעקיש!
זעהסט נישט, שוטֶה, ווי דער פויגעל
פלאטערט, לויפט דאָרט בײַ די קוסטעס?
און מײַן חַבֵר, א פארשעמטער,

קוקט אויף מיר א ביסעל ברוגז,
און זײַן קעפּעל איז צושויבערט,
און די אויגלעך זײַנע גלאנצען,
און די בעקלעך, דאכט זיך, בליהען,
און דאָס הערצעל הויבּט זיך האסטיג,
און ער סאָפּעט, שטארק פערמאטערט...
און איך הער נישט אויף צו לאכען,
און איך רײַץ אים:
„לעקיש איינער! לעקיש, לעקיש!
ע, וואו איז דײַן זומערפויגעל?“



30.

א מַעֲשֶׂה מיט א בין.

I.

אין גאָרטען איז געווען א בינשטאָק, אין בינשטאָק — האָניג־חַלֶּה, אין דער האָניג־חַלֶּה — קעמערלעך, אין די קעמערלעך — אָדער האָניג, אָדער קליינינטשקע ווײַסע אייעלעך. און וואָס איז געווען אין די אייעלאך? — אין זיי איז דאָס קינדווארג פון די בינען געלעגען. זיי זענען זיך דאָרט געלעגען, ווי אין בעטלעך: ווארים, ווייך. האָבען זיי שטארק געשלאָפען קיין ריר נישט געטאָן זיך.

האָט זיך אָבער איין קינדעלע אויפגעכאפּט, זיך אָנגעהויבען רירען; דאָס שאָלאכץ פון דער איי האָט געפּלאצט און איז פונאנדערגעפאלען.

וואָס־זשע אזוינס איז ארויס דערפון? — דאָס, וואָס איז ארויס, איז נאָך נישט געווען קיין אֶמֶת׳ע בין, נאָר א ווערימל, א קליין ווייס ווערימל, מיט א קערפער פון רינגעלעך, מיט א הארטען קעפּעל.

און ווי נאָר דאָס ווערימל האָט זיך ארויסגערוקט פונ׳ם בעטעלע, איז תּיכף אינטערגעלאָפען אנ׳עלטערע בין, א ניאַניקע, צוקייט א ביסעלע האָניג און אריינגעטריפט מיט׳ן שנעבעלע דעם ווערימל אין מויל אריין.

דאָס ווערימל האָט געשלונגען, איז געוואקסען און אלץ שטייפער געוואָרען.

איז אריבער א וואָך, און עס איז שוין געקומען די צייט, דאָס ווערימל זאָל זיך פערוואנדלען אין א פּאָפּקעלע. האָט עס ארויסגעלאָזט פון דער אונ־ערשטער ליפּ א פעדימל, ווי א שפּינוועבס, האָט זיך גענומען אין דעם ארומוויקלען און אזוי איינגעוויקעלט, אז מען האָט עס שוין גאָרנישט ארויסגעזעהן.

— זעה נאָר, ווי דאָס האָט זיך איינגעוויקעלט, — האָט די ניאנקע געזאָגט, — ס׳וויל מִסתָּמא ווידער שלאָפען. מֵילָא, שלאָף זיך געזונטערהייט. וואַרט אָקאָרשט, איך וועל דיך נאָך איינדעקען א ביסעל, וועט קיינער דיין רוה ניט שטערען.

און זי האָט גענומען א ביסעלע וואקס און פערשמירט דעם אריינגאנג אינ׳ם קעמערל.

שלאָפט זיך דאָס פּאָפּקעלע אונטער׳ן דעקעלע פון וואקס; אין די דערביי־איגע קעמערלעך שלאָפען נאָך אנ־

דערע פּאָפּקעלעך, אויך אונטער וועקסענע דעקעלעך.

אזוי איז נאָך אוואָך אריבער, און נאָך אוואָך. פּלוצ־לינג — טיק־טאק־טאק! עמיצער קלאַפּט דאָרט אין קעמער׳ל.



ווער איז דאָס אזוינס? דאָס האָט זיך דאָס ערשטע פּאָפּקעלע, וואָס האָט זיך געלעגט פריער פאר אנ־דערע, אויך פריער אויס־געשלאָפען. איצט האָט עס זיך אויפגעכאַפּט און וויל ארויס. אָבער איצט איז עס שוין נישט מער קיין פּאָפּקעלע, דאָס איז שוין איצט א פארטיגע בין, מיט אויגען און מיט א שנײַבעלע, מיט פיסעלעך און מיט פליגעלעך. זי האָט מיט אירע בייסערס געמאכט אלאָך אינ׳ם וועקסענעם דעקעלע, האָט אין לאָך ארייַנגעשטעלט די פאָדערשטע פיסלעך מיט די הינטער־שטע — האָט זי זיך אייַנגעשפּארט אין דעק פון קעמערל און איז ארויסגעקראָכען.

— אָ, גוט מאָרגען, בינעלע! — האָט זי די ניאַנקע בע־געגענט. — סארא האָריגע דו ביזט, איי־איי־איי...

די יונגע בין איז, דאכט זיך, געווען נישט מער האָריג

ווי אנדערע; מענשען וואָלטען זי מסתּמא נישט געקאָנט אונ־טערשיידען פון אנדערע. נאָר די בינען דערקאָנען זיך איינ־אנדער אין געזיכט און בעמערקען, מיט וואָס איינע פון דער צווייטער שיידט זיך אונטער.

פריער פאר אלץ האָט די ניאנקע אויפ'ן בינישען שטיי־גער אויסגעבאָדען און פערקעמט די יונגע בין, דאָס הייסט זי האָט זי ארומגעלעקט און אויסגעגלעט די הערעלעך; דער־נאָך האָט זי איר אוועקגעפירט צום טאָפּ האָניג און האָט איר געגעבען עסען. אָבגענעסען מיט אפּעטיט, האָט זיך די יונגע בין דערפיהלט אסך קרעפטיגער. די ניאנקע האָט זי ארוים־געפירט פון בינשטאָק אויפ'ן גאניקעל. די זון האָט אזוי העל געשיינט און געווארימט, אז דאָס יונגע בינעלע האָט אוש אפּיפּטשע געטאָן פון פרייד. דאָס ערשטע מאָל אין לעבען האָט זי דערזעהן אזוינע שענע פעלדער ארום און אזא בלויען הימעל אין דער הויך און אזא שמעקעדיגע לופט.

— נו, וואָס, — האָט די ניאנקע געפרעגט, — גוט אויף גאָטס וועלט?

— אך, ווי גוט! — האָט יענע געענטפערט. — אַבער זעה, ווער געהט עס?

**פראגען:** וואָס איז געווען אין בינשטאָק? וואָס איז געווען אין די קעמערלעך? וואָס איז געווען אין די אייעלעך? וואָס איז ארוים פון דעם אייעלע? אין וואָס האָט זיך פער־וואנדלעט דאָס ווערימל? וויפיל שלאָפט דאָס פּאָפּקעלע?

---

II.

די יונגע בין האָט זיך שטארק דערשראָקען. עס איז

פארבייגעגאנגען עפּיס אגרויסע בריאה אויף צוויי פיס. די ניאנקע האָט זיך פונאנדערגעלאכט.

— וואָס האָסטו זיך דערשראָקען? האָט זי געזאָגט, — דאָס איז דאָך אונזער בעסטער פריינד, אונזער בעל-הבית. ער האָט עס פאר אונז דעם בינשטאָק אויסגעבויט. און ער וועט עס אונז אויף ווינטער בעהאלטען אין אווארימען אָרט. אמת, צו אַסיען-צייט וועט ער אונז אביסעל בעליידיגען: ער וועט אַנמאכען ארויך, כּדי מיר זאָלען אנטלויפען פון בינשטאָק און וועט זיך אוועקנעמען אוודאי אהעלפט פון אונזער האָניג-חלה. אָבער ער איז דאָס ווערט, ער אַרבייט פאר אונז, דארפען מיר ארבייטען פאר אים. נאָר מורא האבען דארף מען פאר אים נישט. מורא האָבען דארפען מיר פאר אנדערע, וואָס זענען אונז שׂונאים. וועסט עלטער ווערען, וועסטו שוין וויסען. דערווייל וואָלט נישט געשאדט זאָלסט זיך בעקענען מיט אונזער בינשטאָק. קום, איך וועל דיר ווייזען.

און זי האָט אוועקגעפירט די יונגע בין איבער'ן בינשטאָק.

פראגען: פאר וועמען האָט זיך דערשראָקען די יונגע בין? מיט וואָס וועט בעליידיגען די בינען דער בעל-הבית?

---

III

וואָס האָט זיך די יונגע בין נישט אָנגעזעהן! ווי א שטאָט זעהט-אויס דער בינשטאָק: ארום די הילצערנע ווענט-

לעך — דאַ זענען די ווענט פון שטאָט; אינוועניג זענען די קעמערלעך צושטעלט איינע נאָך די אנדערע, ווי די הײַזער אין די גאַסען — אהויז נאָך אהויז, און דאָ — אקעמערל נאָך אקעמערל. אלע זעקסקאַנטיגע און אלע פון ריי־נעם וואַקס. נאָר אין די קעמערלעך איז נישט אומעטום גלײַך. אין מיטען בינשטאָק, וואו עס איז וואַרימער, געפי־נען זיך די קינדערקעמערלעך מיט די בעטלעך און מיט די קינדערלעך; בײַ די זײַטען, ביז'ן דאך, געפינען זיך די שפּי־זאַרניעס מיט'ן האָניג. און אנ'עולם, סאַר אנ'עולם בינען אומעטום! אין די קינדערצימערן אַרום די בעטלעך גע־הען די ניאַנקעס־בינען אום אהין־און־צוריק, נערען און האָדעווען דאָס קינדוואַרג.

אין אונטערשטען, נאָך נישט אויפגעבויטען קוואַרטעל אַרבײַטען די בויער־בינען. זיי עסען זיך אָן צו־זאַט מיט האָניג און מיט בלומענשטויב, קריכען־אַרויף אונטער דער




1. א שטיקעל האָניג־חלה.
2—3. בינען.

סטעליע פון דעם בינשטאָק און, אָנגעהאַלטענדיג זיך איינע אָן די אנדערע מיט די פיסלעך, הענגען זיי אזוי ווי גאַנצע

קרענץ, מיט'ן קאָפּ אראָב. זיי הענגען אזוי אָב אמעת-לעת, שוויצען זיך גוט דורך, אָבער נישט מיט שוויים, נאָר מיט וואקס און לויפען צו דער נישט-דערבויטער האָניג-חַלֶה. נעמען פון זיך אראָב מיט די פיסלעך אבלעטעלע וואקס, לעגען עס אַרײַן אין מויל, צוקײַען, קנעטען אויס אקײַקעלע און קלעפּען-צו, וואו מען בעדארף. אזוי טוען צענדליגער און הונדערטער בויערבינען, און עס וואקסט-אויס איין קעמערל נאָכ'ן צווייטען, און אלע ענליך איינס אין צווייטען. אזעלכע מײַסטערס זענען דאָס!

דערווײַל פליהען אנדערע בינען, די זאמלער-בינען, אין פעלד, צו די בלומען, נאָך פּראָוויאנט און פילען-אָן די פּוסטע קעמערלעך מיט זיסען האָניג. ווי אקעמערל ווערט פול מיט האָניג, קומען גלײַך די בויערבינען און פער'חתמ'ען עס מיט וואקס, עס זאָל נישט ווערען זויער.

פראגען: ווי זעהט אויס דער בינשטאָק אינוועניג? ווי אזוי אַר-בייטען די בויערבינען? וואָס טוען די זאמלערבינען?

---

## IV.

און וואו מען טוט נאָר אקוק — אומעטום קאָכט די אַרבײַט. די יונגע בין האָט עס דערזעהן, האָט זי זיך אזש פערשעמט.

— אלע ארבײַטען, נאָר איך אליין טו גאָרנישט,— האָט זי געזאָגט.

— דו וועסט נאָך צײַט האָבען,— האָט די ניאנקע זי

געטרייסט — נאָר וויסען זאָלסטו, אז בײַ אונז זענען פאראן אויך ליידינגגעהער, זכָרים. נאָר, שא, פּאוואָלינקעס, וואָרום זיי זענען גרויסע יַחסָנים, בַּעלי-גַאוָה׳ס, די ליידינגגעהער.

די ניאנקע האָט די יונגע בין אריינגעפירט אין א נײַעם קוואַרטעל מיט ליידיגע קעמערלעך פאר׳ן קינדווארג. אז זיי זענען אָבגעגאנגען א פינף טריט, איז זיי אנטקעגען געקומען א קאָמפּאניע זכָרים מיט לאנגע פליגלען און מיט דיקע בײַכער. איינער איז מיט כַּעַס צוגעגאנגען און האָט אָנגעהויבען שרײַען:

— וואוהין קריכט איר? וואָס דארפט איר דאָ.

נישט נאָר די יונגע, אַפילו די ניאנקע האָט זיך איבערגעשראָקען.

— אזוי זיך, — האָט זי געזאָגט, — אֶפשר וועט איר אונז דערלויבען כאָטש פון ווײַטען א קוק טאָן אויף דער מַלכָּה, אונזער מוטער?

— מען טאָר נישט! — האָט א זָכָר א ברום געטאָן.

— טוט א טוֹבָה, מײַן האר! —

— מען זאָגט דאָך אײַך, אז מען טאָר נישט. די מַלכָּה איז איצט פערנומען, זי לעגט אייער. ס׳איז עפּיס א קלייניגקײַט— ביז צוויי טויזענט אייער א טאָג לעגען! נו, אוועק פון דאנען!

די ניאנקע האָט א זיפץ געטאָן און א ציה געגעבען די יונגע בין פאר א פליגעל.

— פערפאלען, לאָמיר געהן, — האָט זי געזאָגט.

צו זייער גליק, האָט די מַלכָּה פּונקט צו דער צײַט

געענדיגט איר שווערע ארבייט: זי האָט אָנגעלעגט צוויי טוי־
וענט אייעלעך און אצענדליג צי צוויי אהַכרָעָה דערצו.
פון א זייטיג געסעלע האָט זיך דערהערט אקלינגענדיג קול.
די זכָרים האָבען אלע אָנגעהויבען פרעהליך צו שרייען און
אין דער רֶגע איז פון געסעלע ארויסגעפלויגען די מַלכָּה
אליין. ביי דער יונגער בין האָט דער אָטעם פערכאפט. די
מַלכָּה איז געווען צוויי מָאל אזוי גרויס, ווי די ארבייטער־
בינען, נאָר זי איז געווען זעהר א שלאנקע, א שענע און
אנ'איידעלע.

זי האָט גנעדיג א שאָקל געטאָן מיט'ן קאָפּ אין דער
זייט פון דער ניאנקע און פון דער יונגער בין און זיך באלד
בעהאלטען אין די אינעווענינגסטע פּאָקאָיעס.

— טאקי אנ'אֶמֶת'ע מַלכָּה! האָט די ניאנקע געזאָגט
ענטציקט. — פאר אזעלכע קאָן מען ארבייטען אַפילו פון
אינדערפרי ביז אויף דער נאכט און נישט מיד ווערען.

— יאָ, — האָט געזאָגט די יונגע בין, וואָס איז ערשט צו
זיך געקומען. — וואָס־זשע וועט זיין מיין ארבייט?

— ארבייט וועט זיך שוין געפינען, — האָט די ניאנקע
געזאָגט. — אין פעלד ארויספליהען איז נאָך פאר דיר, מיין
קינד, צו־פרי. נאָר דאָס קינדווארג אויפפאסען, אָדער קע־
מערלעך בויען — דאָס קאָנסטו שוין איצט אויך טאָן. קלייב
זיך אויס, וואָס ווילסטו?

— דאָס קינדווארג אויפפאסען. דאָס איז דאָך אזוי גוט,
ווי אין ליאלקעס שפּילען. — האָט די יונגע א טראכט געטאָן;
און זיי זענען צוזאמען אוועק אין קינדערקווארטעל.

וואו די יונגע בין איז באלד געוואָרען א ניאנקע—נישט קיין ערגערע, ווי איר אייגענע ניאנקע.

פראגען: וועלכע בינען האָט די יונגע דערזעהן, אין דעם נייעם קווארטעל? וויפיל אייעלעך אטאָג לעגט זי? ווי האָט אויסגעזעהן די מַלכָּה? וואָס איז געוואָרען די יונגע בין?



## 31.

## די שלאָפעדיגע בַּת־מַלכָּה.

### I.

עס, גאָר וויַט, הינטער וועלדער, טייַכען און הויכע בערג האָט געלעבט אין א גרויסען שענעם פּאלאץ א מֶלֶך מיט א מַלכָּה. זיי זענען געווען גוט און רייַך, אָבער שטענדיג זענען זיי געווען אָנגעזאפּט מיט מָרָה־שחוֹרָה, ווייַל זיי האָבען נישט געהאט קיין קינדער.

און איינמאָל איז געזעסען די מַלכָּה נעבען פּאלאצטייַך און ביטער געוויינט. זי האָט געוויינט דערויף, וואָס זי האָט קיין קינדער נישט. זי האָט געוויינט דערויף, וואָס די גאָלדענע זאלען פון פּאלאץ שנייַדט נישט דורך דער פרעהליכער קול פון א קינד. וואָס טויגען איר פּאלאצען און גאָלד און בריליאַנטען?

אינ'ם גראָז נעבען טייַך איז אומגעשפּרונגען א פראָש. האָט זיך די פראָש אוועקגעזעצט אין געזאָגט צו דער מַלכָּה:

— וויין נישט, מַלכָּה, פרילינג וועט קומען, די בוימער וועלען זיך פון דאָסניי בעדעקען מיט גרינע בלעטער און פון

ווי וועלען ארויסקוקען ווייסע בלימעלעך. אין דער צייט וועסטו געבוירען א שען ליב קינד.

די מלכה האט טרויעריג א שמייכעל געטאן:

— א דאנק דיר, קליין פראשעל — האט זי גערירט גע־זאגט און זיך פערטראכט. זי האט דעם פראשעל נישט גע־גלויבט.

---

II.

נעקומען א נייער פרילינג.

די בוימער זענען בעדעקט געווארען מיט גרינע בלעטער און פון די גרינע בלעטער האבען העל ארויסגעשמייכעלט ווייסע בלימעלעך. און אט איז אין פאלאץ א גרויסע שמחה. די פראש האט נישט גענארט: די מלכה האט געבוירען א קליין שען מיידעלע.

האט דער מלך צושיקט שלוחים איבער׳ן גאנצען לאנד: באלד וועט זיין א מאלצייט מיט מוזיק; פלייט, פויק און פידעל וועלען זיך צוזאמען בעהעפטען אינ׳ם גלאנץ פון פאלאצגאלד. האבען זיך פון אלע וייטען געצויגען אויס־געפוצטע מתנות אויפ׳ן קייזערליכען באל און געקומען זענען אויך די גוטע אלטע צויבערינס. גיסען זיך פידלען, לאכען פלייטען, שאלען שופרות, רוישען צימבאלען.

ביי די לאנגע טישען פלאמען פנימ׳ער פון די געסט, אין די הויכע פלאשען וויין שפיגלען זיך אב די בילדער פון די ווענט און די טאנצענדיגע פארלעך. און דער מלך אליין, אנגעטאן אין רויטען, זיצט אויפ׳ן גאלדענעם טראן און לאכט.

ווי א קינד. זיין לאכען ניט זיך איבער די געסט און אויף די פרעהליכע פּנימ'ער שטראלען ציין און אויגען. און די צויבערינס, עלף שענע אלטע צויבערינס, מיט געדיכטע וויסע האָר אויף קליינטשקע גלאטע פּנימ'לעך, שטעהען ארום דעם קינדס גאָלדענעם בעטעלע און האלטען עס פאר די ראָזע דינע הענטלעך.

— שען וועסטו זיין, ווי די זון! — זאָגט די ערשטע.

— גליק ווארט אויף דיר, בת־מלכּה — זאָגט די צווייטע.

— גוט וועסטו זיין! — זאָגט די דריטע.

און די פערטע:

— דיין נאָמען וועט פול מאכען די וועלט.

און די פינפטע:

— פרייד וועט געהן מיט דיר.

— קלוג וועסטו זיין! — האָט געזאָגט די זעקסטע.

די איבעריגע פינף האָבען כּמעט איבערגע'חזר'ט דאָס, וואָס די זעקס האָבען שוין געזאָגט. נישט געווען מה־ר וואָס צוצו־געבען. דעם קינדס ראָזע הענטלעך זענען ווייך ארוים־געפאלען פון די צויבערינס הענט.

---

III.

נאָר אין דער מינוט עפענט זיך די טיר און עס לויפט אריין אנ'אלטע מכשפה, וואָס איז גוט בעקאַנט געווען אין לאנד. די אויגען האָבען איר געברענט, די האָר צושויבערט. דאָס מויל פערקרימט:

— מיך האָט איר נישט געבעטען אויף דער שׂמחה —

האָט זי געשריען און געשאָקעלט מיט די אקסלען—בין איך אליין געקומען. נאָר הערט זיך צו! אז דער בת־מַלכּה זועט ווערען פופצען יאָר, וועט זי זיך אײַנשטעכען און אוועק־שטאַרבען!

וויַים ווי שניי, ציטערט דער מֶלך, און די מַלכּה חַלֶשׁ׳ט. א שאָטען לעגט זיך אויף די געסט. ביסלעכווײַז ווערען זיי שיטערער און שיטערער און איצט זעהען אויס די גאָלדענע ווענט הינטער די טישען פרײַ און טויט.

נאָר אָט דרעהט זיך אום די עלפטע צויבערין מיט׳ן ווייַסען קאָפּ האָר איבער א קליין גלאָט פֶּנִימ׳ל און זאָגט:

— ניין, דו וועסט נישט שטאַרבען, בַּת־מַלכּה, אײַנ־שלאָפען וועסטו נאָר. איך זאָג דיר — הונדערט יאָר וועסטו שלאָפען. און הונדערט יאָר ארום וועט פון הינטער׳ן טײַך סמבַּטיון קומען א בֶּן־מֶלך, א יונגער, א שענער און א קלוגער און וועט דיך אויפוועקען, ליבע בַּת־מַלכּה, פון שטאַרקען שלאָף.

IV.

און פופצען יאָר זענען אוועק.

דער מֶלך און די מַלכּה קוקען אויף דער בַּת־מַלכּה מיט שׂמחה און וועה צוזאַמען. שען איז די בַּת־מַלכּה, ווי דער טוי אין מאי: אירע הענט דערמאָנען אָן פײַלכען און די פיס זענען ענליך צו יונגע קיפאריסלעך. אָבער צי וועט געשעהן דאָס, וואָס די מכשֵׁפה האָט געזאָגט?

געהט איינמאָל די בַּת־מַלכּה איבער׳ן פּאלאץ, זעהט זי

שמאָלע גערדרעהטע טרעפ.—„איך בין נאָך דאָ קיינמאָל נישט געוועזען"—טראכט זי. געהט זי מיט די גערדרעהטע טרעפּעלעך, זעהט זי: אקליין צימערל און אין צימערל זיצט אזְקֵנָה און שפּינט. דאָס רעדעלע לויפט אין שפּינמאשינדעל און צווישען די טונקעלע מאָגערע פינגער ציהען זיך גלייכע, לאנגע פעדעם.



— גיב, באָבישי, מיר איך פּרובען, איך וועל זעהן, צי וועל איך קאָנען אזוי שפּינען, ווי דו?—בעט די בַּת־מַלכָּה.

זעצט זיך די בַּת־מַלכָּה ביים שפּינמאשין, הויבט־אָן דרעהען דאָס רעדעל און פערשטעכט זיך א פינגער.

דעמאָלט הויבט זיך איר אָן נויגען דער קאָפּ צו דער ערד, לאנגזאם פערמאכען זיך איר די אויגען און זי ווערט איינגעשלאָפען.

און צוזאמען מיט איר ווערט איינגעשלאָפען דער

נאַצער פאלאץ. און עס שלאָפט דער מֶלֶך און די מַלכָּה; און די הויפדאמען; און עס שלאָפען די זאלען, און עס שלאָפען די שומרים בייַ טיר און טויער און עס שלאָפען די פערד אין די שטאלען, און אַפילו די פליגען. אלץ האָט לאנגזאם און שטיל איינגעשלאָפען.

V

מיט ווילדע גראָזען זענען פערוואקסען געוואָרען די אלעען און די וועגען, און אויף גלאטע ערטער האָבען זיך אויפגעהויבען געדיכטע שטומע וועלדער. א שווערע שטיל-קייַט האָט ווי בלייַ נעפרעסט די ערד ארום פאלאץ. ווער עס איז אריינגעטראָטען אין דערדאָזיגער שטילקייַט — דער איז שוין צוריק נישט געגאנגען. חַיָה און עוף האָבען אויס-געמידען דאָסדאָזיגע אָרט, און שווארצע טריבע בליקען האָבען געוואָרפען די שטומע וועלדער ארום זיך.

און אָט זענען הונדערט יאָר אריבער. הונדערט יאָר, ווי איין טאָג, אין שלאָף און שווערער שטילקייַט. פּאָרט איינ-מאָל צווישען פעלדער און לאָנקעס, צווישען בערג און טייַכען א יונגער בֶן-מֶלֶך, פון א ווייַטען פרעמדען לאנד פאָרט ער, פון הינטער'ן טייַך סַמבַטיון. ער האָט געהערט, אז צווישען געדיכטע ווילדע וועלדער און גראָזען שטעהט א פאלאץ און אין פאלאץ ליגט איינגעשלאָפען א יונגע בַת-מַלכָּה. און אויפוועקען זי האָט זיך אים געוואָלט.

— דו וועסט אומקומען! געה צוריק, בֶן-מֶלֶך, — האָט מען

אים גערזאטען מיט דערשראָקענע פּנימ'ער — געה צוריק, וואָרום דאָרטען וואוינט דער טויט.

און אויף אלע וועגען שטעהען גוטע מענשען און ראטען אים אלץ דאָס אייגענע:

— צוריק! צוריק געה! — שעפּטשען זיי מיט אֵימָה.

הערט ער נישט, דער בֶּן־מֶלֶךְ, די עֵצוֹת און איילט זיין וועג.

און אָט זעהען זיך שוין די פּאלאצוועלדער, די אלעען, בעוואקסען מיט ווילדע גראָזען. אָט איז דאָס שטיק ערד, וואו עס וואוינט דער טויט. נאָר וואָס איז געשעהן? וואו איז דער טויט?

די בוימער לאכען, די אלעען ציהען זיך אויס, ווי סאמעטענע, און אויף אלע פרוכטבוימער טאנצען פון שִׂמְחָה די פֵּירוֹת: רויטע עפּעל, גאָלדענע בארנעס, ראָזע וויינטרויבען, זילבערנע פלוימען... אלץ איז פול בעוועגונג און געלעכטער. דאָס פּאלאצטייבעלע זינגט:

— ליא־ליא־ליא־ליא...

---

## VI.

שטעהט און גאפט דער בֶּן־מֶלֶךְ. ער ווייס נישט, וואָס זאָל ער טאָן. נאָר אראָב איז ער פון פערד און ווייטער, ווייטער געהט ער. קומט ער צום פּאלאץ, זעהט ער: די שוֹמְרִים שלאָפען מיט די ביקסען אין די הענט. געהט ער אין פּאלאץ אריין, זעהט ער אויך דאָס אייגענע: אין די

גרויסע זאלען שלאָפען הויפדאמען, אלטע בַּעלֵי־יוֹעֲצִים און איינצעלנע פערשפעטיגטע געסט. און עס שלאָפען די דינער אין פערשידענע פאָזעס: איינער שטעהט, דער צווייטער זיצט, דער דריטער ציהט אויס נאָך עפּיס א האנט, דער פערטער האלט אָפען דאָס מויל, ווי ער וואָלט וועלען עפּעס זאָגען און דער פינפטער שלאָפט אינמיטען מאכען א טריט, מיט צוויי פלעשער וויין אין די הענט און מיט א קלאָר האַנ־טוכל אויף אַנ׳אַקסעל.

אויפ׳ן כִּסֵא־הַמְלוּכָה שלאָפט דער מֶלֶךְ אליין; עטוואָס ווייטער די מַלְכָּה, מיט א גאָלדענער כּראָש אויפ׳ן ברוסט.



גערט אָבער דער בֶּן־מֶלֶךְ ווייטער און זוכט די שלאָפעדיגע בַּת־מַלְכָּה.

גערט ער פון איין חֶדֶר אין א צווייטען, פון איין זאל אין א צווייטען, דערזעהט ער פלוצלונג געדרעהטע טרעפּ;

גערט ער מיט די טרעפ, קומט ער ארויף אין אקליין איבערשטען צימערל. שטעהט דאָרט א מאשין, נעבען מאשין שלאָפט אליבע זקנה און נעבען איר. מיט'ן פּנים ארויף, מיט פונאנדערגעלאָזטע האָר, שלאָפט די יונגע פּרינ־צעסין. די האָר האָבען בעדעקט דאָס גאנצע צימערל.

קוקט דער בן־מלך אויף איר און וויל שמייכלען, דער־נאָך בויגט ער זיך אָן און גיט איר א קוש. עפענט איין אויג די בת־מלכּה, דאָס צווייטע און א שמייכעל ווערט לאנגזאם געבוירען אין זיי.

זאָגט זי שוואך און ווארים צום בן־מלך

— אך, ווי לאנג, ווי לאנג געשלאָפען!

און אין דער רגע האָט זיך דער גאנצער פּאלאץ אויפ־געכאפּט און א גערויש פון לעבעדיגע מענשען האָט זיך דערטראָגען פון אלע צימערן פריער שוואך און אָבגעהאקט, דערנאָך העכער, לעבעדיגער און מונטערער. דער פּאלאץ מיט די מענשען האָט פון דאָסניי אויפגעלעבט.

און פון די שמאָלע געדרעהטע טרעפ איז אראָב דער בן־מלך מיט דער בת־מלכּה; מיט אויסגעשטרעקטע הענט איז זיי אנטקעגען געגאנגען דער מלך מיט דער מלכּה.

די דערוואכטע הויפדאמען מיט די אלטע יועצים האָבען זיי "מזל־טוב" אָבגעגעבען.

— מיט גליק, מיט מזל, בן־מלך. בת־מלכּה! — האָבען זיי זיך שורות'ווייז געניגט.

און אין די פענסטער האָט פרעהליך אריינגעלאכט די זון...

32.

## קערפער.

יצחק'ל און פויגעלע, ברודערל און שוועסטערל, זענען געקומען פון שולע זעהר פרעהליך. אסך נייע זאכען האבען זיי זיך היינט דערוואוסט פון דער לערערין. עס וועט זיין וואס צו דערצעלען די קלענערע ברידערלעך און שוועסטערלעך, וואס געהען ארום מיט פערשמירטע נעזלעך און שפילען נאך אין צייכען. אין שולע וועלען זיי ערשט געהן אין א יאר ארום.

— ווייסט, יוסעפ'ל — מאכט פויגעלע צום יונגערן ברודערל, וואס האט זיך געצילט מיט א שטיינדעל אין א פויגעלע — אלץ, אלץ, וואס ארום אונז, האבען עס אדער מענשען געמאכט, אדער די נאטור. דעריבער, זאגט די לערערין, זענען אלע געגענשטאנדען אדער נאטירליכע אדער קינסטליכע.

יוסעפ'לען קריכט עס אין דער לינקער פאה נישט. דאס פויגעלע, אין וועלכען ער האט געווארפען א שטיינדעל, איז בשלום אנטלאפען געווארען און איצט מאכט ער א בייטשעל מיט א ברוגז'דיגער מינע. פארוואס איז עס אנטלאפען דאס פויגעלע און זיך נישט געלאזט טרעפען פון שטיינדעל?

נישט וויט אויפ'ן הויף איז געזעסען נאך א ברודערל, שלמה'לע, און ערנסט אריינגעקוקט אין א בוך מיט בילדער, גאר דא האט זיך אריינגעמישט יצחק'ל:

— פויגעלע, — זאגט ער ארום פערטראכט — איז עס

נישט מאָדנע, וואָס אלץ אויף דער וועלט ווערט אָנגערופען קערפּער...

— ווי, קערפּער? — פרעגט פּלוצלונג שלמה און הויבט אויף א פּאָר ברענענדיגע אויגלעך פון בוך.

— יאָ, קערפּער.

נאָר יצחק'ל האָט זיך נאָך שטארקער פערטראכט.

— די לערערין, — האָט ער אין א ווײַלע ארום פון דאָס׳ בײַ געזאָגט — האָט אונז דערקלערט, אז אלץ, וואָס ארום אונז, ווּעלען מיר אָנרופען אין שמועס קערפּער. דאָס, וואָס איז געמאכט דורך די הענט פון מענשען — איז א געמאכטער קערפּער, און דאָס, וואָס די נאטור אליין האָט געשאפען — ווּעלען מיר רופען נאטורקערפּער. אזוי האָט די לערערין געזאָגט.

דער שטיפער יוסעפ'ל, וואָס האָט זיך גאָרנישט צוגע־ הערט צו דעם, וואָס דער ברודער דערצעלט, האָט א שמיץ געטאָן איבער דער ערד מיט'ן ערשט־געמאכטען בײַטשעל און פּלוצלונג א זאָג געטאָן:

— מײַן בײַטשעל איז א געמאכטער קערפּער, ווײַל איך האָב עס אליין געמאכט. זעהט איר? שוין פארטיג. אליין געמאכט א קערפּער

— אמת, יוסעפ'ל — האָט פויגעלע אויסגעשריען ענטציקט, זיך אָנגעבויגען צום ברודערל און געוואָלט אים א קוש טאָן.

— א בײַטשעל האָט זי אים ווייך און התפעלות'דיג דערקלערט איז א געמאכטער קערפּער, און דאָס צווײַגעל, וואָס דינט דיר פאר א שטעקעלע צום בײַטשעל איז א

נאטורקערפער, ווייל דאָס איז האַלץ, און האָלץ איז א נאטורקערפער.

— מאָדנע — האָט שלמה ווידער אויפגעהויבען די ברענענדיגע אויגלעך — פארוואָס דוקא רופט מען דאָס קערפער? עפּיס א מאָדנער נאָמען: קערפער...

— און ווי ווילסטו זאָל מען עס רופען? — פרעגט פויגעלע, א בעליידיגטע, וואָס דעם ברודערל קומט־אויס משונה דאָס וואָרט קערפער — נו, ווי ווערסטו זאָגען? א בייטשעל איז... וואָס? נו, וואָס? און וואָס איז זייף? זאָגען מיר קערפער און שוין...

— זייף איז אויך א געמאכטער קערפער — האָט זיך דער קליינער יוסעפ׳ל גע׳חנ׳דעלט און קינדיש־ביטערע געשמייכעלט, שמייסענדיג מיט׳ן בייטשעל איבער דער ערד.

— אַודאי, יוסעפ׳ל! — איז פון דאָסניי די שוועסטערל ענטציקט געוואָרען — כאָטש מיר אָבער אָן א נאטורקערפער, וויבאלד דו ביזט אזא חכם.

יוסעפ׳ל האָט לאנג געטראכט מיט די אויגען צום הימעל און מיט די אויגען צו דער ערד און דערנאָך זיכער געזאָגט:

— איך אליין בין א נאטורקערפער...

אלע קינדער האָבען זיך הארציג צולאכט און יוסעפ׳ל האָט געכאפּט דריי נייע קושען פון דער שוועסטער.

— און איך וועל צוגעבען — האָט שלמה׳לע אָבגעקערט דעם קאָפּ פון בוך — נאטורקערפער זענען: בוימער, וואסער, ערד, שטיינער...

פויגעלע האָט געטאנצט פון שמחה.

— און מילך? — האָט יִצחָק'ל פּלוצלונג א פרעג געטאָן.

— נאַטורקערפּער! נאַטורקערפער! — האָבען געשריען די קינדער.

— און ציגעל, פון וועלכע מען בויט הײַזער? — האָט יִצחָק'ל טרוקען און פערטראַכט געשאָטען א פראַגע נאָך א פראַגע.

דאָ האָט זיך יוֹסֵפ'ל מיט שלֹמֹה'לען נישט זיכער איבערגעקוקט. וואָס איז ציגעל?

— א געמאַכטער קערפּער! — האָט יוֹסֵפ'ל געוואָלט אויסשרײַען. נאָר אין דער מינוט איז אויפ'ן הויף ארויס די מאַמע און גערופען די קינדער עסען.

פרעהליך האָבען זיך די קינדער געכאַפּט פאַר די הענטלעך און רוישיג ארײַנגעלאָפען אין שטוּבּ ארײַן.



33.

פאַרנאַכט.

א פעלד מיט בלומען און א טײַכעל.
א יונגעל זיצט בײַם ברעג פערטראַכט,
א שוּרָה אלטע הויכע סאָסנעס.
אנ'אויסגעלײַטערטער פאַרנאַכט.

עס איז געווען נישט לאנג א רעגען,
געפאַלען איז ער קרום און גרויס,
די בלומען שמייכלען, ווי דורך טרערען,
און זעהען יונגער, פרישער אויס.

און ס'זיצט דאָס יונגעל בײַ דעם טײַכעל.
זײַן אויג איז אָפען, גרויס און שוואַרץ.
ער קוקט אין וואַסער א פערטראַכטער,
און עפּיס בענקט אין אים דאָס האַרץ.